# פאַרטרעטען

פון שרייבער, מאַלער, מוזיקער,
אַקטיאָרן און אַרבעטער־פירער
(די פּני פון דער אידישער וועלט)

פון

# א. לוצקי

# אַ נייער בוך
## מיט נייע פאַרטרעטען גרייט זיך צום דרוק.




פרייז 3 דאָלער דעלוקס.

A.Lutzky
3755 Oceanic Ave.
Brooklyn, 24, N.Y.
Esplenade 2 1765





## וואָס די קריטיק שרייבט
## און זאָגט
## וועגן א. לוצקי

אַ זכיה פאַר „אידיש״
וואָס האָט זוכה געווען
אַזאַ מוזיקאַלישן דיכטער,
אַ פּרעכטיקן מייסטער פון אידישן וואָרט,
און פון וואָרט בכלל.
אַזאַ אָריגינעלן און שעפערישן
פּאָעט-פילאָזאָף —
א. לוצקי.

ער איז אַ גרויסע פרייד
פאַרן בעסערן לייענער.
זיינע חיינעוודיגע ביכלאך טראָגט מען אין די קעשענעס
און מען חידושט זיך
מיט די שריפטליכע דימענטן אין זיי...
איין א. לוצקי.

# אינהאלט לויטן א. ב.

## ביכער פון א. לוצקי:

דער ערשטער בוך
**„אומעטיג און פריילעך"**
אדער, „נעמט עס, ס'איז גוט פאר אייך"
איז דערשינען אין יאר 1927
פיר טויזענט עקזעמפליארען.
(לידער פון דער „טויטער וועלט" און „אימפראוויזאציעס")
368 זייטען.

דער צווייטער בוך
**„בראשית — אינמיטען"**
געדרוקט אין יאר 1932
פיר טויזענט עקזעמפליארען
(פאעטישע פילאזאפיע, איבער ווערען און צעשטערען)
224 זייטען.

# דוד איגנאַטאָוו

(אידישער שרייבער)

דוד איגנאַטאָוו,
באַדאַרף מען צו וויסן,
פּראַוועט יחוס.
אויב שוין אַ שרייבער
פירט דורך אַ שליחות,
מיט שדים און רוחות,
מיט אַלעם וואָס ניחא'ז . . .
בין־איך־עס ! . . .

דער רבי דער זבאַרזשער,
דאָס חסידעל נאָטע,
גייען זיך אַ ריקודעל
מיט סאַמע „נישט־גוטע” . . .

— דוד איגנאַטאָוו ?
„דער רבי פון זלאַטאָוו”
„דער צדיק פון מה־טוב”
דער נזיר פון שאַטאָוו.

פון שרייבער־טיש —
ווייטלעך.
האַלט זיך זייטלעך.
מוזע־בלאָזע . . .

עס טוט זיך אביסעל —
ווען דוד רעדט!
די ברעמען דערהויבען —
אזוי ווי צו ברומען.

דער שטערן „פארנומען"
די נאזפליגעל — פלאטער.
דער בלאזענער בלאזעט
אזוי ווי א בלאז-זאק...

די אויגען — שטורקאצען,
און פלאקערען פלאמיג.
עס לעפצענען אלע,
די גלידער די אלע.

ער טוט אייך א פרעג
מיט א ביסטרע בליק,
ווי עפעס א שרעק.
ער טוט אייך א זאג
א פסק מיט א קנאק,
און שלאנקט אוועק...

דוד איגנאטאוו —
דערפינדער און גרינדער
פון זאמעלבוך „שריפטען". —

פיוטשיזם.

עקסטריזם.

דאדיזם.

קוביזם . . .

דוד איגנאטאָוו —

דערציילער פון „וואונדער".
„פאַרבאָרגענע ליכטער"
אַנטפּלעקער פון „געטער"
פון נאָך אומגעריכטער . . .
דוד איגנאַטאָוו.

# מאָריס אײזענמאַן

(פרעזידענט פון מעטראָפּאָליטען ביוס קאָ.

א פּנים —
ווי דאָס „ווײַסע הויז" אין וואשינגטאָן.
מיטעל־וואוקסיג, גרייז־ווייס, ברייט, גופיג־שווער,
צעשטרייט מיט'ן רייץ פון צעשויבערטע „גדולים".
א ראַנדעוואו מיט א גדול? —
א פֿייערונג אויף אייזענמאַנ'ס געשטאַלטונג.
א סטראַשנע „האַלי־דעי".
א פּינצטערער סוט — אַלאַ מעמאָריעל.
א ווייסע העמד אויף ברייטע ברוסט — קאַטעדרע.
א בראַנד אָפּפער פאַר דעם „כהן גדול".
א „געהויבענער" רעסטאָראַנט —
אייזענמאַנ'ס מזבח.
גרעסטער טיש פאַר זיי צוויי.
דיקע פליישן, הויכע פלאַשן,
רויטע בלוטען איבעררא שען,
לאַקשען־קוגעלעך צום נאַשען,
טיפע שאַלעכלעך צום וואַשען,
קלאָרע טישטעכלעך ווי טאַשען,
קעלנער האַסטיגע זיך ראַשען,
בית־המקדש קאָמאָפּלאַשען . . .
אייזענמאַן — בוסטאַ!
אויגען — צעהיצטאַ!
שטערען — פאַרשוויצטאַ!

מאַנגאַטאַ זאַראַטוסטראַ!

מעצענאַטאַ צעכראַסטאַ!

דינאַסטי צעפּלאַמטאַ!

גליק צעקלאַנגטאַ!

גלוסטאַ!

צו מאָרגענס נאָך „יום־טוב״ — איז אייזענמאַן „געבעך״.
פּאַרטרויט ער דעם שרייבער:
„מיינע רביים״ — פּאַרנעמט ער זיך פּאַרכטיג,
און ציטערט אַרויס מיט אַ שלאַבעריג קולכל
אַזוי ווי חלילה אַ סוד פון געפערליך:
דאָס גרויסע הארץ הרב מאַסליאַנסקי,
די טרער פון דער מאַסע יוסף באַראַנדעס,
דער חכם הגדול שמריהו לעווין,
צו מיר זיינע בריוו — איר האָט אַ באַגריף?
און די גרויסע „עליה״,
ווי ער אַליין ביאַליק!
אויף מיר זיין צוואה: היט אָפּ „הרצליה״,
ווענט עסן אין גן עדן אַ גרויסען פּאַפּאַליק!...
— און טרערען צעבלישטשען אין אייזענמאַנ׳ס אויגען
מיט מורא דערהויבען אין זכות פון צדיקים,
און זאָגט מיט קוראַזש:
און היינט ביז הונדערט און צוואַנציג יאָר —
חיים ווייצמאַן!
שלום אַש!
מיין גרויסער לאַנדסמאַן אַסיף דימאָוו!

— — — — — — — — —

אבער וואס בין איך אליין — מתודה'ם ער עלענם,
איך אליין . . .
א פרעסער געזועז,
און טיף אין דער נשמה —
א פרעסער געבליבען.
איך בעט אייך, אזוי זאל עס ווערען פארשריבען.
און מיר וועט אויף אייביק טייער פארבלייבען
אייער באשרייבען.

מאָרים אייזענמאן.

# אַלבערט איינשטיין
(וויסענשאַפֿער)

צעפּליגעלטער פּנים,
צעפּליגעלטע אויגען,
צעפּליגעלטע האָר.
אַ גופֿיגער חלום,
פֿאַרטרוימט אין די הימלען,
און שמייכעלט: ס'איז וואָר . . .

וואָס הערט מען אין פֿעלד,
וואָס איז שטיל ווי אַ פֿעלד?
— זשום.

ווי גלייך איז אַ שטראַל,
אויף דער לענג פֿון אַ כייל?
— קרום.
ווי קלוג איז אַ מענש,
וואָס איז קלוג יעדע ווייל?
— דום.
צעפּליגעלטער פּנים,
צעפּליגעלטע אויגען,
צעפּליגעלטע האָר.

וואָס הערט מען אין פעלד,

וואָס איז שטיל ווי א פעלד?

— זשום.

באַצויבערטער איינשטיין.

איז וואָר, אַז דער מענש,
וועט נישט וויסען פון קנאה?
— ס'איז וואָר.

איז וואָר, אַז א מענש,
וועט נישט טראָגען קיין שנאה?
— ס'איז וואָר.

איז וואָר, אַז א מענש,
וועט א טויזענט יאָר לעבען?
— ס'איז וואָר.

איז וואָר, אַז מיר וועלען,
די גליקען דערלעבען?
— אומקלאָר . . .

אַלבערט איינשטיין.

# י. אַפּאַטאָשו

(שרייבער אין „טאָג")

זיין פּנים האָט אַ פּנים —
ווי אַ זעלטענע סקולפּטור.
געווען אויף אַן אויסשטעל,
געקראָגן דעם „פּרייז",
שוין וועלט-באַרימט,
דער „ביוסט" האָט אַ נאָמען:
איד — אַפּאַטאָשו.

זיין פּנים איז פאָרוים-צוצו.
אהער-צוצו.
פון אים-צוצו —
צו מיר-צוצו.

ווי זעט אוים דער „קאָפּ" ?
— לאָמיר זאָגען:
שולחן ערוך . . .

פאַרוואָס שולחן ערוך ?
— לאָמיר זאָגען:
„די מגילה" . . . "
פאַרצייטען . . .

די שפּיציגע גאָמבע —
פאַרגרייט זיך צו רייטען.
דער נאַקעטער שטערען —
דערהויבט זיך צו ווייטען.

י. אַפּאַטאָשו.

ער זעצט זיך אַוועק —
מיט גאַנץ לייב און לעבען.

— אָבער וואו ער זאָל ניט זיין —
איז ער ניט דאָרט.
ער דאַרף זיין ווייטער . . .

דאָרט באַדאַרף ער.
וואַטער מיז ער.
איצטער וועל ער.

אַ דבקה'דיגער איד.
אַז ער זיצט —
וויגט ער זיך.

דאָס אייגענע — נגינה.
באַמבעלט ער:
בים-באָם.
באָם! — באָם! . . .

א פיילישער איד,
די ווערטער קלייפיג,
זיי פריען און מיהען
פון איינס צום צווייטיג,
דאס איינפאכסטע זאגעכץ —
אזוי ווי געניימיג . . .

ער חסידישט א אידיש —
ווי נעכטען פון מלאווע.
ער קען אך פארשראען
מים ראיד —
ווי עץ שטאים און גאים,
אבער לאזט מעך געמאך!

יוסף אפאטאשו.

# שלום אַש

(אידישער שרייבער)

אַ גרויסער איד, מיט גרויסע אויגען,
מיט זאַרגפולע „קישעלעך"
אונטערגעצויגען.

דאָס קול שלום אַש —
איז עטליכע שטימען. —

פון אונטען אַ באַס,
אַ טענאָר אין דער מיט,
פון אויבען אַ קווימש —
פון ענטציקונג . . .

ער שפּאַרט זיינע רייד —
ווי צעלאַפּענע טייכען
אין פרילינג
דורך שטיינער
און גרעבליעס אַפיר . . .

פאַראַן אַהן אַ שיעור —
צו טומלען און צו זאָגען,
און מער נאָך פון אַלעם —
באַדאַרף מען זיך קלאַגען . . .

א קליינינקייט אש!
באשווערט מיט יאכען!
איינער אליין —
מיט עטליכע איכן...

איך — בין „שלום״!
ער — בין „אש״!
יאך — בין פיל
מיט שלום אש!...

ער גיט שלום עליכם —
אזוי ווי א גביר.
א שפיץ פון א פינגער —
גענוג פאר דיר.

מעגסט זיך פרייען —
ער טי דעך זייען...

א ברוגז׳ער מחותן...
מיט שרייבער — א גר...

ער קומט צו קאלעגען —
בלייבט ער געפלעפט...
א באקאנטער שבט!
און שטוינט מיט די אקסעל;
און איך מיט׳ן שבט —
בין ווייניג באהעפט...

זאג אים: ביזט גרויס.
זאג אים: ביזט קלוג. —
פאר אים נישט גענוג

יאך בין אש!
עך גאי!...

איז אש זיך געגאנגען
פון „שטעטל" צו „מערי".
פון „יאנקעל שאפשאווימש" —
צום רבי'ן פון גערי...

*

פון „מאטקע גנב" —
צו „שלמה נגיד".
אין טאץ — א שטיק פלאדען,
אין לאץ — מגן דוד.

שלום אש —
א פארפלייצעניש.

דער שטראם שלום אש —
איז אריבער די ברעגען,
און אריין אינ'ם ים —
פון שטורעמקייט וועגען.

און „די קינדער פון אברהם",
אויפ'ן אידישען ברעג —
קוקען צו מיט דערשטוינונג
ווי אש שווימט אוועק

— — — — — — — —

וואוהין?

— — — — — — — —

פון „קידוש השם"

— — — — — — — —

צו „נאזארין".

— — — — — — — —

האַספּאַדי!

— — — — — — — —

— — — — — — — —

האָ!

— — — — — — — —

— — — — — — — —

מיין משיח —

דזשיזוס!

— — — — — — — —

מיין — דזשיזוס!

— — — — — — — —

הא־הא־הא־הא־הא!

— — — — — — — —

שלום אש.

# גרשם באַדער

(שרייבער אין „מאָרגען־זשורנאַל")

„אגדתא . . . גרשם באדער".
הויך און העכער,
בריים און ברייטער,
אָהן אַ שיעור פּאַמעלעך.

הויבט זיך אויף פּאַוואָליע —
ווי אַ העלפאַנט לעגט זיך שלאָפן.

רעדט באַסאָווע טיף אַרונטער,
ווי אַ נאָכגעלאָזטע סטרונע,
ביי דעם באַס מיט ברייטע פּלייצעס.
לאַנגזאַם.
מאָנאָטאָנע־באַנגזאַם.
זאַל־זאַם.

ער רעדט אַזוי ווי „ר' עקיבא היה אומר" . . .

„עך" האָב סמיכה אויף רבנות,
נאָך פון אינגעלווייז אין חדר.
בקי — גאַנץ — ש"ס.
דאָס אייגענע תנ"ך.

פינעף קינדער אויסגעגעבען.
דראצען בענד ארויסגעגעבען.
פופציג יאר נאך אויסצולעבען.
גאט וועט געבען.

דערציילט אונז די אגדתא...
אז מע שטעלט צו „שלושים" א מצבה...
קומען אן די טויטע פון דערנעבען,
„מזל-טוב" דעם טויטען אפצוגעבען...
און דער טויטער, דער בעל שמחה,
ווינשט די מתים,
זיינע אנגעלייגטע געסט:
מיט מזל זאלט איר לעבען...

גרשם באדער בעט דעם קעלנער
נאך א קאווע,
רעדט ער „וואטער":

די תורה פילט זיך אן אזוי ווי א לאגעל.
איינער פילט עס אן מיט ווין.
ווער מיט געלט.
און ווער מיט גוזמאת...
ווי — א מענש...

אין „מיטעלאלטער" איין מאל אין א פרילינג,
האט א אידענע פון הונדערט צוואנציג יאר,
אן אמת'ע צדקת . . .
מיט אלע אירע כחות קוים זיך צוגעשלעפט
צום בעט . . .
און אנגעכאפט איר אייניקעל —
אן אלטען זיידען . . .
און צו אים געמורמעלט,
מיט די אויגען שוין פארגלייזטע . . .
„רוף אריין דער באבען . . .
איך גיי צו קינד . . ."
און טאקע באלד —
געהאט א צווילינג.

— בויגט אראפ דעם גרויסען קאפ
ר' גרשם,
און פארגייט זיך מיט א קול'כל
זעהר א דינם . . .
א לאכעלע אזוינס . . .
מרחקים ווייטער פון דער קעל . . .
פון ערגעץ פון א טיפען וואלד
אין אור־אלט . . .

ג ר ש ם   ב א ד ע ר.

## ש. באָנטשעק

(פאַרזיצער פון שטאָט קאָמיטעט אידיש. נאַצ. אַרב. פאַרבאַנד)

זיין פנים זעט אוים ווי סע זוכט . . .

אפשר ווייסט איר וואו מען דאַרף מיך,
מיט א ראַט, מיט א טאַט, מיט א רעדע,
איך בין גרייט.

באַנטשעק — א בענטשונג.

א מאָדערנער „למד וואָוו”

אין זיין ביכעל איז פאַרשריבען:
דער — באַדאַרף א מאַנטעל,
יענעם — מוז מען היילען.
דער — גייט אוים נאָך כבוד,
מוז מען אים דערוויילען.
יענעם מוז מען „באַרגען”,
מען טאָר אים נישט דערציילען . . .

און אונזער ליבער באַנטשעק —
טוט דאָס אַלץ באַזאָרגען.
היינט, אויב מעגליך איצטער,
ער לעגט נישט אָפּ אויף מאָרגען.

אויסער אַלע מיהען —
קען ער סתם ניט רוען.
פאַרוואָס?
אָנגעפאַקט מיט פּלאַנען
פון „פאַרבאַנד־באַשאַף”
וואָס זשאַרענען,

וואס פארענען,
וואס גליען אלץ אין אים . . .
און ציען מיט א רייסעניש.

א גלויבעניש,
א דערהויבעניש.

א פרייד און פלאטער,
טראטאראטער —
„פועלי ציון” . . .

באנטשעק אין „פארבאנד” —
א טאנק . . .
הארמאט.
קאנאן.

מינעווען א מיטינג,
אויפרייסען א באנקעט —
פארבעט מען חבר באנטשעק,
און באנטשעק רעדט.
— באנטשעק רעדט?
באנטשעק שאט!

אבער איידער ער „שיסט” —
צעפירט ער זיך מיט זאגעלעך . . .
א מעשה׳לע מיט רייצעלעך,
מיט גלוסטיגע געווירצעלעך,
פון אלערליי . . .
און דאן — דער געשריי . . .

א זעץ אין טיש,
און באנטשעק שוויצט:

„אונזער ארדען איז קאלאסאל!"
טוט ער פייערדיג א שאל.

„ביים אידישען פאלק
איז אונזער פארבאנד
די רעכטע האנט!"

„מיט דרייסיג יאר צוריק —
לאזט ער זיך אוועק —
איז דא געווען א שרעק...
דאס אידישע פאלק
האט געוואנדערט און געוויינט
פון ברעג צו ברעג!"

„מיר ווילען א פארבאנד!"
האט דאס פאלק
ניט אויפגעהערט צו וויינען...

האבען עטליכע חברים,
און איך צווישען זיי —
זיי גענומען פאראיינען"...

„אצינדערט באדארף איך
שוין גארנישט ניט זאגען...
איר זעהט שוין אליין,
וואס מיר טוען פארמאגען!"...

ש. באנטשעק.
דורך און דורך „פארבאנד".
„פועלי ציון".

אַ גוטער מענש,
און פאַרקאַטעוועט מיט דראָט:
לעולם ועד . . .

ש. באָנטשעק.

# יוסף באַסקין

(גענעראַל סעקרעטאַר פון אַרבעטער רינג)

אַ אינגעלע —  
געגעסען „טעג".  
און שטיל געפּלאַנט  
אַ ווייטען וועג.

אַ יונגערמאַן —  
שטודירט אין שווייץ.  
דעבאַטען — „בונד" —  
מיט היץ און רייץ.

אַ רייפער מענש —  
אוועק אַהער.  
באַשעפטיגט דאָ —  
אַלס אינזשינער.

עס מאָנט אים אָבער:  
אידעאַל!  
געפעלט זיין רופען —  
איבעראַל.

שאַלט אויף אַ קול  
מיט אומבאַדינג:  
באַסקין! פיהר  
דעם אַרבעטער רינג!

— — — — — — — —

— — — — — — — —

— דער קאָפּ איז הײנט —
אַזױ װי שנײ.
אַ יעדע האָר,
איז קלאָר פאַר צװײ.

דאָס פּנים בראָנז,
און לױכט װי פלאָם.
ער טרױמט אַ רעדע
מן הסתם.

אַ ביסטרע בליק,
אַ שטרײנגער שטעל.
אַ גאַנצען טאָג —
דורכאױס פאַרמעל.

ער טראָגט פּענסנע,
מיט גרױס פּאַראַד.
און זעט, צי אַלץ
איז ריכטיג גלאַט . . .

פון די גלעזער
ציט אַ שנור.
מאַכט דער שנור
אױף אים אַ טור.

צום זייגער פאסט
אַ דיקע קייט.
די קייט צעצויגען
אין דער ברייט.

זאָל מען וויסען
ווער עס גייט.
ווער עס זיצט,
און ווער עס שטייט.

דער טשיף פון אַרדען —
רינג אין ריי.
וואווירקמען סווירקעל —
אַן אַרמיי.

ער לאָזט זיך פירען
אויפ'ן לאַנד.
די מאַפּ אין טאַש,
אַ שטאָק אין האַנט.

און וואו ער ווייזט זיך —
שרייט מען אוים:
יוסף באַסקין! —
דו ביזט גרויס!

## מנחם באַריישאַ
(אידישער פּאָעט)

ער רעדט מיט אַ געוויינדעל.
ווייזט זיך אויס — אַ חיינדעל.
אוי, מיר זאָל זיין מנחם'ל —
פאַר מיינס אַ יעדען ביינדעל.

אַ גייער אין אַ גרויער גאַס
אין אידיש-שטאַט.

אַ גראַד געשטאַלט אַ ווייטער.

נאָך זייענדיג אַ יונגעל,
אינ'ם רבינ'ס הויזען —
האָט זיך אים געדוכטען:
„שווארצע רויזען".

שפּעטער — „זאווועל רימער" —
שווער געמיט ווי אימער.

איצטער גייט „דער גייער" —
אויך נישט קיין דערפרייער.

ער שפּרייט פאַנאַנדער כמארע-רייד —
אַ וואו ער גייט:
מאַטערניש און קדישה מיך באַגלייט...

אזוי גייען מיר,
אידען שרייבערדיגע,
איבערטרייבערדיגע,
די געהייליגטע,
די געפריידיגטע.

ער זוכט צו ווערען —
„מן המציר".
ווי דער פסוק זאגט:
„קראתי".

איך האב גערופען און גערופען,
האסטו פאלק, זיך אפגערופען?

איך בין איינער פון די קרעכצער,
פון די יאכצער,
פון די זאכצער.

אין די טיפען פון די אדערען —
באקרעמפסטו מיך,
אומה מיין . . .

מיינע אינגעווייידען טרייבערען
קדישה׳קייטען —
אומה מיין . . .

ביז ווי לאַנג נאָך וועסטו שטירצען
און באַשטורצען מיך —
אומה מיין ! . . .

אָבער איך וועל ציען און ציען,
אויף מיילען מיין ליד.
זאָגט מנחם דער איד.

מנחם באַריישאַ.

## ש. בורשטיין

(סעקרעטאר פון ניו־יארקער שטאט־קאמיטעט א.נ.א.פ.)

א פולער, א ברייטער, א מילדער געזיכט —
מיט א קילען כאראקטער.

די אויגען באדאכטע,
דערציילען אייך תמיד:
אוי, די „צווייגען",
סעקרעטארען,
אוי, ס'איז צרות . . .
ער האלט זיך באזעסען,
באשווערט און באוואויגען.

ער שקראבעט ארוים מיט די הענט א גערעדעכץ,
ווי זאגט מען א זאגעכץ.
די ווערטער געקנעטע,
באסאווע,
זארגאווע,
מיט וואזשנעם טראכטאווע:
אוי די „צווייגען"!
וואס זאל איך ריידען,
בעסער שווייגען.

מען זעט אין די רייד —
ווי ער זוכט עס זאל וואזשען.
ס'אל אויסקומען וואזשנע.

גערויכטיג, גערואגיג,
ס'אל זיין וואס צו הערען . . .

א סטוק אין זיין טיר —
באקומט ער א מינע:
גאט מיין גאט, וואס שוין ווידער?
און זאגט א מידער:
קומט אריין . . .
ענטפלעקט פאר אים יענער אזוי ווי א געהיימניש:
חבר בורשטיין . . .
בא אונז די חברים, זיי האבען א טענה.

— קוקט אויף אים בורשטיין
מיט שעלמישע אויגען . . .

חבר.

איר ווייסט ווי מיר שאצען בכלל די חברים,
איך דארף אייך דערציילען?
וואס זענט איר, א פרעמדער?
איר ווייסט נישט די לאגע?

איר ווייסט דאך, איך זאג אייך,
איר הערט טייערער חבר,
און וואזשעט ארויף זיינס א האנט
אויפ'ן חבר:
זייט זיכער, מיין ליבער,
בא אונז איז א חבר

אַן אמת'ער אַנהאַלט . . .
און מאַכט צו די אויגען,
אַזוי ווי מען תפילה'ט . . .

איך זאָג אייך באמת . . .

און בורשטיין פאַרזיכערט
מיט עמערם מיט פולע . . .
— נאָר וואָס איז די פעולה?
אַזוי ווי די גאולה . . .
להבא . . .

ש. בורשטיין.

# אב. גאָלדבערג

(שרייבער אין „מאָרגען־זשורנאַל")

אַ ציוניסט — איבער'ן קאָפּ.

אַ „פּייערליכער" איד.

אַ גייענדיגער באַנקעט.

זיין נידעריגע דיק,
מיט'ן ראַשיגען בליק —
אַ גאון — „ביג-ביג"! . . .

שיר ניט „איינשטיין" —
לויט זיין איינשטיין . . .

אַ מענש אָהן אַ גאַל.
אַ פּשרה-ליבעראַל.
שלום.

וואָס העכער דער באַלעמער —
זייַן דרשה פאַרנעמער . . .

צו וואָס זאָגען נייעס ?
אַ רעיון אַ „כזית",
באַשטראַלט מיט ראוּת,
מיט דערהויבענע האוואיעס,
צעגייט עס — אַ חיות . . .

איך קען נים פארגעסען
יוסף בּאראַנדעס׳ן,
די אידישע קאָנגרעסען,
בּאראַנען און פרינצעסען!

— זיין קאָפּ — אַ וואלד —
באַזעצט מיט בוימער,
בושעווען דאָרט
זיינע פינגער צו קלוימער.
אַ ריזיגער טרוימער.

ער בליצט מיט די אויגען,
אַזוי ווי אין שטורעם,
און שילדערט די לענדער,
פון הויכען טורעם:

די וועלט לעבט איבער
די גרויסע תקופה!
— הויבט ער זיך העכער —
צו גרייכען די שטופּע . . .

אין טעלעפאָן דירעקטאָרי,
איז „זייאָניסט" — זיין „פעקטאָרי" . . .

אב. גאָלדבערג.

# ב. י. גאָלדשטיין
(שרייבער אין „טאָג")

א ווייסע טשופרינע,
דאָס פּנים — אַ בילד.
די גרויסע צווייַ אויגען —
פאַרשטייען זיך מילד.

קליידער — די פיינסטע,
און שווענדעריש פריי.
אַן אַנצוג פון יאָרען —
ווי ערשט פון דער ניי.

גליקליכער גאָלדשטיין,
מיט וואוילען געמיט.
זיין לוסטיגער לשון —
צעפליגעלט ווי צוויט.

ניט שייך צו זאָגען —
מיט גאָלדשטיין אַ קריג.
ער ווערט נישט בדלות —
פון יענעמס אַ זיג.

גאָלדשטיינ'ס אַ קאָלום —
געשאַטקעוועט קרויט.
באַפעפערט „פּאַ רוסקי" —
מען עסט עס ווי ברויט.

רייסט ער ארונטער —
איז לימענע שארף.
לויבט ער א קינסטלער —
איז זים ווי א הארף . . .

דערציילט איר אים צרות —
איז גאלדשטיין א תם . . .
איר זעט אויף זיין פנים —
איר רעדט צו א לאם . . .

איר זאגט אים א שפאסל —
און גאלדשטיין צעהעלט.
א קראך מיט געלעכטער —
ס'איז גוט, מיר געפעלט.

א לײדיגע שטונדע? —
עס ארט אים א האר-נישט.
ער קאן זיך פארווײלן —
כמעט ווי מיט גארנישט.

גאלדשטיין ראמאנטיש? —
געפינט ער א פאדים
און פלעכט אוים א בעטל —
פאר „חוה מיט אדם” . . .

צענעמען דאָס בעטעל —
ער דרייט שוין אַ ברעקעל.
ער פּלייסט זיך צו שאַפּען —
פאַר „אָדם" אַ שטעקעל . . .

שוין פאַרטיג דאָס שטעקעל —
ער קלאַפּט מיט אַ נאָגעל.
דערהערט ער אין סטוקען —
עס שטורעמט מיט האָגעל . . .

פאַרטרוימט ער אַ „כאַטקע" —
מיט אַלע צען פינגער.
פאַרטרויעט אים „אָדם" —
אַ מענש ווערט נישט אינגער . . .

צע'בחור'ט זיך גאָלדשטיין —
און לאָזט זיך אין דרויסען.
און קויפט זיך אַ קאָלנער —
מיט ווייטע פאַראויסען . . .

ב. י. גאָלדשטיין.

# אבא גאָרדין

(אידישער שרייבער)

אַביסעלע קורצלאַך.
אַביסעלע געזייטעלט.
אַרויפּצו געצויגען.
לאַמטערנעם — די אויגען.

אבא.
הפּנים אַ סקאַלער פון אדים אַבאַבאַ.
מיט קעניג „סעלאַסי״ —
געפּאַרשט פילאָסי . . .

פּאַר׳כשופ׳טער סאַנקטאַ פון יענע מקומות.
אבא׳ס ספרים —
„איך״ התרוממות.

דער נייער משיח —
ביי סעקטע „גאָטלאָז״ . . .

אבא׳ס אמונה :
אַנאַרכאַ-אדונו . . .

גאָט איז צעבלאָזען
ווי ווינט אויפ׳ן ים.
צעפּלאַקערטער „שדי״ —
דער אייביגער פלאַם . . .

אבא׳ם טעמפעל —
אויף שליאך פון צוריקקער:
„אבא׳ם הויז״ . . .

א צושריפט דערביי:
„דאס הויז פון אבא —
באלד „עולם-הבא״.
אריינגעהן כדאי.
אדרבא.״

חסידים אבא —
גראווע מראה׳ס,
פיזאנאמען . . .

טארבען צוזאמען
שאבאטא באנאכטא,

אין טעמפעל אבאטא,

און הארכען באדאכטא,

מיט וואלקען-פארטראכטא,
די בליציגע פלאכטא,
די קראכטא, מאנארכטא,
פון אבא דעם באפטא . . .

פרעגט זיי אבא:
— ווער איז א שטרייטער?
זאגט מען: — געווען...

פרעגט זיי אבא:
— ווער איז א גלויבער?
זאגט מען: — געווען...

פרעגט זיי אבא:
— איז ווער א פארליבטער?
זאגט מען: — געווען...

זאגט זיי אבא:
מיר לערנען פון „געווען"...

„געווען" — אויף תנ"כ'יש —
הייסט „היה".

און וואס איז געווען?
— תהו ובוהו.

איז אויפגעגאן טאג...

דער מענש וועט ערשט אויפגיין —
פון גרויסען צעשטערען.
און ווער נאר געפאלען
וועט אויפגעריכט ווערען.

אבא גארדין.

## דר. א. גינזבורג
(שרייבער אין „פאָרווערטס")

דר. גינזבורג —
אַ פאַרזיגלטער חכם.
געלערנט. פאַרטייטשט.
פאַר'חתמה'ט.

זיינע פאָרשונג-מינעראַלען —
אויפגעמישט פון אַלטע קוואַלען.

ניטאָ דער שליאַך —
פאַר נייעם ווענד.
ניטאָ דער שטראַל —
פאַר נייעם בלענד.

אַ באַן-סטאַנציע —
ערגעץ אין אַ ווייטעניש.

אַהין, אַז מען קומט —
שוין.
ווייטער גייט עס ניט.

מער קיין באַנען קומען נים.

צוריק קיין באַנען לויפען נים.

ווייל מען וואָס פאַרקויפט מען נים.

און פאַר גאַרנישט קריגט מען נים.

גלוסט זיך ווייַנען לאָזט מען נים.

און אַ לאַך טאָן לאַכט זיך נים.

דר. גינזבורג.

נים מים אים —
צום איבער רעדען.
אָפּגעזאָגט —
נים אָפּצופרעגען.

דאָס קריסטענטום — פון אידענטום.
דאָס אידענטום — איז וועלטום.

זאָגט איר אַנדערש —
זאָגט ער: שטות.
זאָגט איר ווי ער —
פרעגט ער: צו וואָס . . .

**ער איז איינער פון אַ „סעט".**

**אַז זיי זעצען זיך אוועק —**
**אַ וואָרט נישט גערעדט.**

איינער צום צווייטען —
נים זאָג, נים פרעג.
אוןביידע באַגלייטען —
דעם אייגענעם וועג.

גינזבורג רויכערט
סיגאַרעט
און כאַפּט אַ בליק —
צום נאָענטען ברעג.

ער זיצט אין „ראַיאַל״
ווי אַ שילד אויף אַ פעלד:

**דאָ — איז — עק — וועלט.**

דר. גינזבורג.

## יעקב גלאַטשטיין

(שרייבער אין „מאָרגען־זשורנאַל")

גלאַטשטיינס פּנים
זעט אויס געכאַוועט —
מילעך מיט האָניק.

פלאַטער בליק.

זיין קאָפּ — אַ סטויג היי —
נעמט גרויען אויף שטרוי.

פאַרוואָס זאָגען שטרוי?

פּאָעטיש קלינגט שענער:
זאַנגען אין אָסיען —
שאַריען אויף גרוי.

זאָל בלייבען אַזוי.

אַ גלעט אויפ'ן פּנים,
אַ פיר אויפ'ן שטערן,
אַ בליק אויף דער האַנט.

די אַלע דריי מעשׂים
פאַרנעמען אַ רגע,
אַזוי נאָכאַנאַנד,
אין דער צייט ווען ער רוט.

ער טוט זיך באַטראַכטען
מיט פיינעם באַדאַכטען,
אַ זעלבסטיגען אַכטען . . .

נשמה׳דיג אויך,
נישט נויטיג לרוב.
ווי זאַפראַן אויף חלה,
פאַרזייהט אויבענאויף.

ער הערט ווי איר רעדט,
און איר מערקט ווי ער זעט ;
אחוץ אייך — איז נאָך . . .

ער חידוש׳ט : אַזוי !
און ער יאַ׳עט מיט׳ן קאָפּ,
און איר פילט : דער געשפּרעך
אַ געשפּרעכעל — האָפּ-האָפּ.

זיין הויפּט-מינע —
שמייכעל.
שפּיזעלדיג שכל . . .
לאַיעריש פלינק,
פליגעלדיג גרינג.

אזוי ווי זיין פען . . .
ער שפּיזעלט און דריזעלט
און וויזעלט מיט דער פען —
ווי אַן אויסטערליש געשען.

גלאַטשטיין אין כעס? —
אַ טרייסעל זיך אָפּ,

דער קאָפּ אויף ניין,
פאַרשטעלט מיט דער האַנט,
ווי אַ שריפט אויפ׳ן וועג
פאַר אַ שאַרפען פאַרדריי:
געפערליך צו גיין!

גלאַטשטיין איז גוט.

געזעגען.
ער דריקט אייך די האַנט
מיט אַ ווייכען געפיל,
ווי מען גייט אויף פליוש . . .

אַ טראָטעלע ווייטער —
אַ שפּיל מיט די פינגער,
אין לופטען אַ גרוס.

יעקב גלאַטשטיין.

## פראָפעסאָר הענריקא גליצענשטיין
(סקולפּטאָר און מאָלער)

א ליבינקער פיגור,
מיט א שיטער קאָפּ האָר.
עס דרייט זיך צעהיצט,
מיט'ן בערדעל פאַרשפּיצט.

א ויידעלע אינג,
ווי א שפּילעכעל גרינג.
ער טענצעלט געשווינד,
און פאַרגאַפט ווי א קינד.

ער טרעפט א באַקאַנטען —
צעגלאָצט ער די אויגען.
אזוי ווי פון הימעל —
ער קען זיך ניט גלויבען.
ער שפּרייט אויס די אָרעמס,
און מאַכט אים א וואַרע —
אזוי ווי א שטורעם,
צעשפּליטערט א כמאַרע.

ער פּלאַנטערט א שפּראַכע —
וואָס דאַכט זיך ווי דייטשע,
מיט אידישע זיפצע —
פון סידור די טייטשע . . .

זאַ־זאַ — איז אַ זעלע —
וואָס ווירדע צו ליבען.
אַ מענש איז אַ אוצר —
וואָס לעבען קאָן גיבען.

זעען זיי אינעז,
דאָס פאָלקע ישראל ?
נאַר מעכטער פון אייזען,
און בויגיג ווי שטאָעל . . .

באַ מירע צו הויזע —
אַ גאַרטען מיט רויזע . . .

דאַרט שלומערען פירסטין —
פון דויטשלאַנד אונד פוילען.
וואָס איך האָב באַצויבערט —
מיט כישוף פון קוילען . . .

עס איזט אויך פאַראייביקט —
דער „משה רבינו".
וואָס איך האָב געמאָלדע —
מיט קריידעלעך קליינו . . .

•

איך האָב איינע קנעפּעל.
זאָ זאַנדערבאַר אַנדענק !
פון „לודוויג דעם דריטען״ . .
וואָס פּויפּסטע פון רוימע,
פאַר מיינעם סקולפּטורע —
מיט מיר זיך געביטען . . .

איך האָב איינע בעטלערין,
שטיין מיט אַ זאַנטיק . . .
דאָס שאַצע איך זעלבסטע —
איין גרויסער מאַיאַנטעק . . .

נו יאַ !
נישט וואר !
צוואר אויף יאר . . .
צום ווידערזען ! . . .

פּראָפּעסאָר גליצענשטיין.

# אליהו גרענט

(אַ טוער אין אידישע פאָלקסשולען)

ער איז הויך, ער איז דיק, ער איז ברייט,
און זיין גאַנצער געמיט —
אַ אידישע פרייד.

ער שפרייט די פרייד,
אַוואו ער שטייט און וואו ער גייט.

ער ברויזט מיט רחבות.

זיין גרויסער באַגערען — אידישע שולען.
אַ דור פארן מאָרגען — מיט תוך פון אַמאָלען
ער רעדט פאַר די שולען,
ער לויפט פאַר די שולען,
ער בעט פאַר די שולען,
ער טוט פאַר די שולען.

פאַרמאָגט ער אַביסעל — צעטיילט ער אַ גוזמא.
בלייבט ער מיט עפעס — שיינקט ער דאָס לעצטע.

אליהו גרענט.

ער פירט אַ געשפרעך
מיט רעש און געפעך.
ער פאָזע'ט און פאַזע'ט, מיט ברייטע ראָזמאַכען,
און אַל'ץ מיט אַ סך'ן.
ער לאָזט זיך ווילקאָמען — פון אלע באַקוועמען.

אַ לעקעכ'ל וואוילזאַם — אַ שטאַרקער דערפרייען.
אַ טראָפּעלע גליקזאַם — מאַכט ער געשרייען.

פֿאַר אים דאָס לעבן —
אַן אייביקע חתונה.
ער — דער מחותן — אליהו גרענט.

דאָס פּנים צעפּלאַמט —
און ער שימערט באַזעלט.

ער קוועלט צו דער וועלט —
מיט די אויגען צעהעלט.

ער קהל׳ט אַרומעט —
באַרוישט און פאַרבלענדט.

ער שטרעקט אַ „לחיים״ —
דער כוס פּראָמינענט.

ער זינגט מיט התפּעלות,
און קנאַקט מיט די הענט;
לאָמיר צינדען דאָס לעבן
כל־זמן סע „ברענט!״...

מיטן אידישן וואָרט
צום פאָלק געווענדט!

אליהו גרענט.

## חיים גרינבערג

(רעדאַקטאָר פון „אידישען קעמפּער")

שאַרף זיין געזיכט.

געשטאַלטונג־האַלטונג.

אָפענע אויגען.

אַ מענש פון די בערג . . .

ער רעדט מיט אַ באַס —
ווי מען זינגט „העי אוכניעם".

ער טרעשטשעט מיט דער „ררייש" —
ווי אַ פראָסט אין סיביר.

זיין קאָפּ האָט אַ טשוביג —
הענגט ער פאַרשייט,
מיט אַ וואונק פון באַדייט . . .

„טאַנגאָר'ס" אַ געזאַנג —
ווייל ליב איז אים „גאַנדי".
ער איז הויך, ער איז שלאַנק,
זיין פּנים — אַ „הינדו" . . .

חיים גרינבערג.
ער האלט א רעפעראט:

די מענשישע קאסטע —
האט אורטיילן דראסטע . . .

מאיעסטא־קרעדענצען,
פון דריי קאנסעקווענצען,
אין דריי דיפערענצען . . .

איידעלט אונז פלאטא:

דער מענש איז אין גרונטען —
אריסטא,
א קראטא . . .

דונערט אונז וואגנער:

דער מענש איז א חיה —
מיט פויק טערעבענדא:
מיט ווילדע קרעשטשענדא! . . .

הימעלט שפינאזא:

דער מענטש און די גאטהייט —
ס'איז אלץ אין ארענדע . . .
פארבלענדט פון א ווילען —
דער דראנג הייסט לעגענדע . . .

— לויכטען חברים,
חברות, ווי ליכטער . . .
פון אלץ אומגעריכטער . . .
— — — — — — — —

קלאפט מען אים בראוואָ —
מיט שטרענגע געזיכטער,
מיט ערנסטע אויגען.

ווייל ליב איז צו גלויבען;
דער לערער פון אויבען —
אַ ווייטער־דערהויבען . . .
— — — — — — —
— — — — — — —
אויפ׳ן אינזעל
„פועלי ציון״ —
לויכט דער טורעם:

חיים גרינבערג!

# מרדכי דאַנציס
(שרייבער אין „טאָג")

אַ חבר,
אַ זשוואַווער,
אַ בראַווער,
אַ טשיקאַווער.

צוביסעלעך —
מיט אַלע „איסטען"
זיין הויפט אידייע —
רעוויזיאָניסטען . . .

ער זאָגט אין „טאָג":
מאָרגען קום איך פּאָזיטיוו.
— מאָרגען קומט אַ טעלעגראַם:
איך נעם די שיף —
קיין „תל אביב" . . .

דער, געזאָגט — און דער, גערעדט —
ביי אים אַ שפּאַס.
אַ שאָד די צייט —
צו זיין אין כעס.
בעסער שרייבען צוויי חדשים —
פון אַ שטונדע אין „צפת" . . .
אָדער שאַפען אַ נייע „שטעדטעל"
פון דער איסט־בראָדווייער גאַס . . .

איר ווילט א טובה?
זאגט אייך דאנצים:
זייט דא מארגען זייגער דריי.
— קומט איר צען מאל זייגער דריי
און מרדכי דאנצים איז ניטא. —
— ווערט איר קליגער —
און איר קומט שוין זייגער צוויי,
איז דאנצים דא . . .
זאגט אייך דאנצים זיין באשלום:
. . . עס טוט מיר לייד —
איר הייט נישט אפ קיין צייט . .
נא יוז . . .
א קאלענע אין א נויט? —
נישט געזארגט.
א סוד'על מיט רובינשטיין,
און רובינשטיין באזארגט.
אידישע צרות?
— זייט נישט קיין נאר!
מיר לעבען דאך דערפאר! . . .
ווער באלויכט אונז
אויפן וועגן פון אלע דורות?
אונזערע מנורות . . .
נאך יעדער שלעכטס —
מוז קומען גוטס.
„אונזער" מענשליכקייט —
איז אונזער שוץ . . .
מרדכי דאנצים.

# דייוויד דובינסקי

(פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנאל ליידים גארמענט
וואירקערס יוניאן)

דייוויד דובינסקי —
מיטעלוואוקסיג.

הענט מאסיוו,
און פלייצע ברייט,
פון קאמף פאראוים,
מיט שטארקע רייד.

זיין גאנץ געשטאלט —
א „מעיאר לא גווארדי",
אזא מין שם.
אזא פארנעם.

דובינסקי איז דער מעיאר
ביי די שניידער.

שעה — גענידערט,
לוין — געהויבען.

א שרייבער אין א באנק,
א מיידעל ביי דער נאדעל,
דערזעלבער ראנג.

זיין פלאַטפאָרמע — ניט געביטען.

ניט געבויגען,
ניט פאַרנויגען.

אַ מאַן פון פאָלק —
שאַפט ער מאָלק.

פרעזידענט
פון שער און אייזען —
טוט ער פירען.
טוט ער ווייזען.

שווערע יאָכ׳ען
פאַר די אויגען —
ווי די פלאַמען
פון אַן אויוועז.

אַמאָל געווען אַ בעקער-בחור,
און געבאַקען בייגעל.
בעט ער היינט ביי רוזוועלט —
דעם אַרבעטער אַ טייגעל...

## פרץ הירשביין

(שרייבער אין „טאָג")

פרץ הירשביין
געהט אַרום אין די זאַקען.
שאַ !
ער וואַנדערט . . .
אַ לעגענדע . . .

אַ שליח פון זיין אייגענער שליחות.
ערגעץ ווייט — ערגעץ ווייט.

ערנסט. גלייך. דאַר. שטאַר.

ער זאָגט אַ פשוט'ן „גוט-מאָרגען" —
לעגענדאַריש.
האַריזאָנטיש.
פּאָעטיש.
גוט—מאָר—גען !

ער ציט די רייד —
אַזוי ווי קאַראַוואַנען אין דער מדבר
און די טעג פון מתושלח.
פּאַ—מע—לאַך !

פּרץ הירשביין רעדט פון רעטאַך —
סימבאָליסטיש:
רעטאַך איז ביטער
און דאָס לעבען איז ביטער.

אינגאַנצען אַנדערש רעדט ער —
וועגען האָניק:
האָניג איז זיס
און דאָס לעבען איז זיס.

פּרץ הירשביין — נביאיש —
באַלד אין דער פרי.

ער כאַפּט זיך אויף פון שלאָף —
אַ „ישעיה".

ער רופט אוים פּראָפּעטיש:
מאַדאַם הירשביין!

די שטונדע פון טאָגען
עס האָט שוין געשלאָגען —
מיט געטליכען הילעך!

און איך האָב פארנומען
די תפילה פון גומען:
ציגענע מילעך!

פּרץ הירשביין!

## אַדאָלף העלד

(פּרעזידענט „אַמאַלגאַמייטעד באַנק")

אַ מיטעלער וואוקס —
און הויך „געריימעט".
דער העלד פון באַנק —
„אַמאַלגאַמייטעד".

אַ געוועזענע ראַדיקאַל.
פירט ער דורך אין פּראַקטיק,
קאַרל מאַרקס'עס אידעאַל —
„קאַפּיטאַל" . . .

ער זיצט אויבענאָן,
און היט די „מאַטניאַ".
אין באַנק — הו־האַ . . .
ער טראַכט — הו־וואַ ! . . .

זיינס אַ מאַטאָ —
נעם איך אויף,
צי זאָג איך אָפּ,
איך שמייכעל — אָט אַ . . .

זיין „חתימה" — אַ שטריך,
אַ שנאַל מיט דער פען.
מיינט שוין עקס,
וואָס וואַרט אויף נעקסט,
מען קריגט אין דער גיך . . .
אַוואַדע וואָס דען . . .

אדאָלף העלד.

ער מונטערט אַ קבצן,
וואָס וויל בײַ אים באַרגען:
איר דאַרפֿט זיך ניט זאָרגען.
לייגט אַריין הונדערט,
און ווילט דערפֿון האַלב —
קריגט איר עס באַלד . . .

ער שמייכעלט אַ צווייטען:
ברייננגט אַ שריפֿט
פֿון „עני וואָן",
אַבי ער האָט נאָר אַ מיליאָן

ער עצה'ט אַ דריטען:
איך האָב אַ פּלאַן . . .
וואָס דאַרפֿט איר „אַ לאָן",
און יעדע וואָך צאָל . . .
דרייט זיך אַדורך —
ווי אַלעמאָל . . .

אדאָלף העלד.

ער משפּט אַ מענש,
ווי גאָט „ונתנה תוקף" . . .
מי בײַ מייסטער,
ומי בײַ טייסטער.

מי בײַ טרעש,
ומי בײַ קעש.

מי פּאַטעלקע,
ומי אַ שמעלקע . . .

מי געזאָגט,
ומי פאַרמאָגט.

מי געהאָפּט,
ומי געבלאָפט . . .

— דער לעצטער סך הכל:

דער גוטער שם,
פון אַדאָלף העלד —
מסתּם די ווערט,
אַ זאַק מיט געלט.

אַדאָלף העלד.

# ראַביי סטיפען ווייז
(פאַרשטייער פון אַמעריקאַנער אידענטום)

ראַביי—סטיפען—ווייז.—

אַמעריקאַן—היברו—פּאַפּ.

דהי לאָרד'ס—אַמבאַסאַדאָר.

אַ דערהויבענער — געשטאַלטיג.
שווייגענדיג -- געוואַלטיג.

נאָכאַנאַנדער יום טוב.

ניטאָ קיין אינדערוואָכען.

זיבען טעג איז קודש.

דרייסיג טעג „ראש חודש".

דאָס גאַנצע יאָר—געשטראָכען . . .

יום כפור 11 אינדערפרי.
דער ראַביי האַלט אַ דרשה
אין זיין טעמפּעל אויף דער ראַדיאָ.

שטימע —
גראַב,
באַם,
פּאַם.

וואַגעדיגע גאַמבע.
יעדע טרער — אַ באַמבע.

איסאַיאַ! — דזשערעמאַיאַה!

האָלי בייבעל! — סאַנקטאַ טאַראַ!

בנעי זייאָן אָוו דהי וואורלד!

פּאַר סאַ מעני סענטשורים
דזשודאַ!

האַ! איזאַקאַיאַ, מעסאַיאַ, דזשעהאַוואַ!

אייבראַהם! אייזיק! דזשעיקאַב!

וואו זיינט איהר?

סייוו יור בילאַווד רייס!

עס דראָהט אויף אים בייז!

שמע איזראַעל!

האָ גאָד! אֵי פּרעי
פאָר די היברו טודעי!
— — — — — — — —
— — — — — — — —
שפּרייט אוים דיינע פליגעל!
באַשיץ דיינע בייבים!

די אייבים און סיידים,

די זיידעס און ליידים!...

כשופר יתגלה

פניך למעלה—

חסדיך שמך

כבודך יעלה.
— — — — — — — —
אמין...
— — — — — — — —
און מען געהט אהיים זיך אפּפרישען ס'הארץ...

ראַביי סטיפען ווייז.

## מאָריס ווײַנבערג

ארויסגעבער פון „טאָג"

די הוט אויף אַ זײַטעל,
פאַרצײַטיג-הײַנט-צײַטעל,
אַנאַרכאָ פאַרשײַטעל,
געשעפּטלעך צעשטרײַטעל,
אַ שווײַג מיט באַדײַטעל,
אַ בליק אין דער ווײַטעל,
אַ איד מיט אַ בײַטעל,
מאָרים ווײַנבערג.

אויפגעבראַכט,
אויפגערוישט,
פליגעלדיג ראַשיג.
ער מײנט נישט קײן בײז —
און ער בײזערט.
עס דאַכט זיך אים תמיד —
ס'איז עפּעס „דאַגעגען".

אַ ווערטעל, אַ זאַגעל, דערצײלט מיט אַ יאַגעל,
אַזוי ווי אַ טרײסעל אַ פרוכטיגען בוים.
סע פאַלט ווי אַ האַגעל,
אראָפּגעקלאַפּט — שוין.

אַט איז ער שוין דאָרט — אַ פֿרעגעל, אַ זאָגעל,
און ווידער ניטאָ.
אַט איז ער שוין דאָ.
ער טוט זיך אַ כאַפּעל מיט עפּעס אַ טראַכטעל;
דאַכט זיך פֿאַרגעסען!
אין באַלד זיך אַ צאַפּעל — דערמאָנט זיך אַ דאַכטעל;
אַהאַ!

ערב אַ שבת, ערב אַ יום טוב —
דערשיינט ער גרויסאַרטיג.
ער קוקט מיט הנאה — זיין „טאָג" איז שוין פֿאַרטיג.
ער זעט ווי מען טאַסקעט די פּעק פֿון זיין אייגענס,
„כל טוב" פֿאַר די לייענער,
געשליידערט אויף וואָגענס . . .

זיין מראה פֿאַרוואַנדעלט
אין היימישען נוסח.
רעדאַקציע — אַן אויבען,
מען באַקט און עס טוטצאַך!

ער שטאָלצט פֿון גערודער,
און וואַקסט פֿון דעם טומעל.
די אויגען געשטריינגטער,
עס פּאַסט זיך צום רומעל.

*

דער „טאָג" — זיין געליבטע,
שוין יאָרען און יאָרען.
געוועזן זיך צעגאַנגען —
ווי פּטור געוואָרען.

זיך ווידער באַגעגענט,
און ווידער צעגאַנגען.
ווי אמת'ע ליבע,
קאַפּריזען פאַרלאַנגען.

נאָר וואָס מיר פאַרלאָזען,
און וואָס מיר פאַרגעסען.
אַ שיינע אלמנה —
בלייבט נישט פאַרזעסען.

דער ערשטער געליבטער,
וויינבערג געהערטער —
איז איצט פאַר זיין צייטונג —
צוריק דער באַשערטער.

מאָרים וויינבערג.

# דר. מאַקס ווײַנרייך
(דירעקטאָר פון אידיש־וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט)

ווײַנרייך ווייסט:
„וויסען" — „שאַפט" — וויסענשאַפט.

יאָ.
זײַן ניוואָ — „ייוואָ".

ער רעדט —
ווי מען רעדט נישט . . .

זײַן אידיש —
אַ לשון פון פרעמדע מרחקים.
אינגאַנצען אָהן „אוי" —
רוי . . .

גראַמאַטיק-פאָנאַטיק.
סקעלעטיק-טעמאַטיק.

דר. ווײַנרייך.

אין חדר געגאַן?
— נאָך דער גימנאַזיע . . .

— באלד פון דער שיף —
אריין אין „ייווא".

הייליג „ייווא".
יעי באהו! . . . "

דארט אין „ייווא" —
פארשט מען פלעקען:
ווערטער־פלעקען,
אותיות־עקען,
זילבען־שטרעקען,
בוכשטאב־שפיצען.

ניט אן עקל — אפצומעקען.

ניט א שפיצעל — אפצוקריצען.

דארטען טוט מען ריין פארשרייבן:
יידיש —
אייביג צו פארבלייבען.

„ייווא" — אוצר'לעך דערינען . . .

דארטען טוט מען אויסגעפינען
פון א ספר'ל דערשינען
אין די צייטען פונ'ם חומש —
אויסגעלייגט אויף אידיש:
כידעש . . .

א סברא, קלאָר, ווי מאָרגען־טוי,
צום אַנהויב וועלט —
האָט אויפגעהעלט:
„אַנכי אדונו!״ —
האָט גאָט אויף ניך
פאַרטייטשט פאַר זיך:
„אַנכי — איך!...״

דר. וויינרייך.

ער ליכטיגט אריין
אין א אידישען ביכעל,
מיט קינדישען שמייכעל
אין שכינה׳שען היכל,
וואָס זעליגט אין הארצען
אריבער׳ן שכל:
אידיש.

דר. מאַקס וויינרייך.

## דר. חיים ווייצמאַן

(פרעזידענט פון ציוניסטישען וועלט־אידענטום)

אַ גרויס געשטאַלט פון ישראל'ס געוואלד . . .

הפנים פון טראַכטען — זיין פנים צעצויגען.
שטערען געהויבען.
שווער באַדאַכטעט.

דער מאַן מיט'ן שטעקען זעהט אויס פון דער ביבעל.

אַזוי ווי דאַן אין ארץ כנען,
אַזוי עד היום יציאת מצרים.
דאָס פאָלק איז צעשפרייט אויף שבעה ים'ען,
און ארץ ישראל פארשטעלט מיט צאַמען.
מען ווארט אויפ'ן נס . . .

אל רחום וחנון!
ראַטעווע אונז פון מענשען־שדים,
און קער אונז צוריק קיין ארץ ישראל!
דאָס לאַנד פון אברהם,
און מלך שאול,
באַניי אונז די טעג אַזוי ווי „אמאָעל" . . .

—פליהט חיים ווייצמאַן צו אַלע די לענדער
צו ציילען די אידען, וויפיל האָב איך?
און נאָמען פון וויפיל קען איך ריידען?

דערציילט אים כינע: מיר האָבען „אַ ברית״ . . .
— לאָזט ער זיי אַלעמען דאָרט אויפ׳ן אָרט,
און פלאַטערט קיין לאָנדאָן צום ענגלישען פרעמיער
און סטוקעט אים אין טיר:
אַט האָט איר! . . .
ביז נעכטען פרימאָרגען — 16 מיליאָן.
קומט צו איינער — האָבען מיר וויפיל?
לויט אידישען אימפעט און אידישער חכמה . . .

קנאַפע 17 . . .

און איצט, ליבער הער, איז גרינג צו פאַרשטיין;
באַדאַרף אַ נאַציאָן פון 18 מיליאָן . . .
האָבען ארץ ישראל, צי ניין?

פרעגט אים דער פרעמיער:
דענקט איר, הער ווייצמאַן,
אַלע אייערע אידען וועלען דאָרט „אַריין?״

ענטפערט אים ווייצמאַן:
דענקט איר, הער פרעמיער,
אַלע מיינע אידען ווילען דאָרט „זיין?״ . . .
— — — — — — — —

פאַרשווינדט ער שוין ווידער
צו קריגען חתימה׳ס
ביי סאַיאַם-קעניג,
טערק-אַפּאַשאַ,
הינדו-בודהאַ,
פּאַפּ-דער-פּייאוס,
און ש. באַנטשעק „פּועלי-ציון” . . .
— — — — — — — — —
קומט ער צוריק צו די אידען און שאַלטעט:
איך וויים דער צער איז אין לשער!
יעדער איד — מיר ליב און טייער! :

— ער וויזט אַ פּויסט — דער צאָרען איז גרוים . . .
ער שטרעקט אוים די האַנט צו גאָט — ענטבלויזט . . .
די אויגען אַהין . . .
— דער גזר — מיין האַר — כנפש עד מים!
און ער נידערט אַראַפּ מיט אַ בשורה דעם קאָפּ:
לשנה הבאה! — בירושלים! . . .

דר. חיים ווייצמאַן.

## זלמן זילבערצווייג
(רעדאַקטאָר פון „טעאַטער לעקסיקאָן")

פאַרביגע בעקעלעך — רויטינקע עפּעלעך.
צווימן און בליטן אַ גאַנצן יאָר.
ווינטער ווי זומער,
און אָסיען ווי פרילינג,
ס'איז יולי און גאָר.

די ליפּען פאַרשנורעט —
אַזוי ווי פאַר קינדער, שוין איינמאָל אַ פּעקל!
צוקערקעס אין זעקל, זיך גאַרניט צו גלויבן:
אַזוי שמייכלט זלמן
מיט פרייד אין די אויגן.

ער טענצלט אַ גאַנגל.

ער גייט אַ געטענצל מיט דריבנענקע טריטעלעך,
מאַנירלעך און זיטלעך.
זייער פאַרנומען.
פאַר וועמען דאָס לעבען אַ ביטערער יאָגן —
פאַר אים איז דאָס לעבען אַ לוסטיג געטראַגן.

אַ שלל מיט כלל.

דאָ „פאַרבאַנד",
און דאָרטען לאַנדסלייט.
דאָ אַ בוך,
און דאָרט אַ פליכטלינג.

אוי, ער דאַרף נאָך היינט באַזאָרגען
זיינע לאַדזער מיט אַן „אָוועגט”.
אוי, ער דאַרף נאָך היינט באַזאָרגען
די נאָטיצען פאַר'ן מיטינג.
אוי, ער דאַרף נאָך היינט באַזאָרגען
פּרץ-צוויג אין 83.

אַ כאַפּ אַ געפּליסטער מיט חבר באַנטשעק:
בלויז אַ מיליאַנטשעק,
כאַפּ איך און שאַף איך
אַ נייעם לעקסיקאַנטשעק.

זלמן זילבערצווייג.

# סאַשאַ זימערמאַן

(מענעדזשער פון דרעסמאַכער יוניאָן, לאָקאַל 22)

„נאשא" סאשא . . .

א הויכער, א בלאסער,
מיט בלוי־העלע אויגען.
א דינער, א גראדער,
און צירליך דערצויגען.

סאשע — דער פירער —
פון דאמסקי געזעלען.
פעלקערשע טעכטער —
צערטליכע זעלען.

נאדעלע — טאנצעלע —
פאדעמלעך גייען . . .
צאלעניו מערעניו —
פלענטי געניהען . . .

נאשא סאשא.

מען קומט זיך באקלאגען —
פארנעמט ער געדולדיג.
און זוכט צו געפינען —
ווער עס איז שולדיג.

— איך ווײַס די מערכה,
פֿון זוכען מלאכה,
באמערקט ער פֿלייסיג.
אוועק פֿון די לינקע —
ניינצען־דרייסיג . . .

שרוט — צו דער מינוט.

אין קאמף מיט א געגנער —
ניטא קיין פארלוירען.
ער קאן יענעם פאקען —
דורך נאדעלשע אויערען . . .

די ארבייטער זאגען:
סאשא — א וואונדער.
ער האלט זיך ניט גרעסער,
ער שטאלצט ניט באזונדער.

מען לאזט זיך גיין עסען —
צוזאמען געגאנגען.
אליין ביי דעם קאנטער,
אליין זיך דערלאנגען.

„נאשא" סאשא . . .

סאשא זימערמאן.

## בערנאַרד זעמעל
(בעל עסקן און חינוך)

בערנאַרד זעמעל —<br>
יום־טוב שבועות.<br>
מתן־תורה,<br>
מיט עליות.

אויף באַרג און טאָל,<br>
געזאַנג „אַקדמות".<br>
די פרייד צעשפּרייט,<br>
אויף אַלע אומה'ס . . .

די בלימעלעך בליען,<br>
די שוועלבעלעך פליען,<br>
די ווינטעלעך ציען,<br>
די חשק'לעך גליען.

אַ הויכער, אַ פעסטער,<br>
מיט ליכטיגע אויגען.<br>
בכבוד'יג פנים,<br>
די ברעמען דערהויבען.

ער קומט אייך אקעגען,
מיט ברייטע באגריסען.
דאס אייז — לאנג צעגאנגען,
די טייכען שוין פליסען.

א גרויסער געשעפטסמאן —
פון מאנופאקטורען.
זיין הויפט-אישו — חינוך,
און ביידע קולטורען.

אידיש, העברעאיש,
צוויי שטראמיגע קוואלען.
דער ים הייסט „ישראל",
עס ווערט נישט פארפאלען . . .

לפינות העולם —
צעשיקט ער סחורה.
מפינות העולם —
באציט ער תורה.

בא זעמלען אין אפים —
די „בוך-פירונג דאבעל.
איינע הייסט „ביזנעס",
די צווייטע הייסט „נאבעל".

ווייזט דאָרט דער „נאָבעל",
אין לעצטען סך־הכל:
שוין פיר טויזענט רעדעס.
געהאַלטען אַהן וואַקעל . . .

איינגעקויפט ספרים —
אַלפים חריפים.
פון אונזערע אינגסטע —
ביז „זוקף כפיפים" . . .

זעמעל'ס אַ נחת —
דערציילען אַ מעשה.
אָגיל ואשמח —
ווי זעמעלעך ווייסע.

משלים פון מדרש,
תלמודישע ווערטלעך.
ער צאַפּעלט זיי טרעפּלעך —
אַרויס פון די ערטלעך . . .

אַ האַלבען יאָר־הונדערט,
פון באַלאַכאָוו, גאַליציע.
און חסידיש, גוט־אידיש —
די גאַנצע עקספּעדיציע . . .

ער גיט זיך א שפאסעל
פון „קרעכצען" און „יאכען":
מען קען זיין גוטמוטיג,
און טיף אין די תוך'ן . . .

א איד מיט קוראזש.

מיט וויסען א באגאזש.

א פארנעם מיט א טאש.

א בעל־עסקן אזש־אזש.

מיט א שם, מיט א סטאזש —

כצפיחת בדבש . . .

בערנארד זעמעל.

## ב. צ. גאָלדבערג
(שרייבער אין „טאָג")

זיין געזיכט איז תמיד ניי,
פרעמד.

שטענדיג ציכטיג,
שטענדיג וויכטיג.

רונדער קאָפּ,
און רונדער פּנים,
רונדע אויגען,
רונדע גלעזער,
רונדע גאָמבע,
אַלצדינג שרייבט ער,
אַלעם ווייסט ער,
יעדען זאָגט ער,
איין אַליין — אַ רונדע מאַפּע.

אויף דער מאַפּע איז אַ פּנים.

איבער די ליפּען — פלאַטער שמייכעל.
הינטער די ברילען — פלאַטער שכל.

קול געאיידעלט,
קלינגט געקלעטערט.

ווערטער — צאַפּל, כאַפּל, דראַפּל.

ער האַלט זיך אַן עצה מיט „ישוב הדעת'ן";
לאָמיך רעדען רייד געלאַסען.

אַ שרייבער פענאָמען.

דאָס וואָרט אויפ'ן אָרט.

קהל געפּלאָנטער
טיילט ער פאַנאַנדער —
גרינג ווי אַ שירעם
פּראַלט מיטאַנאַנדער.

ער שנעלט מיט די שורות
געוועבט און געשפּיזעלט,
אַזוי ווי אַ שטראָמעלע
בריזעלט און דריזעלט.

אידיש איז אידיש,
ענגליש איז ענגליש,
גמרא איז גמרא,
וועלטלעך, ליריש,

ער שוועבט.

און אַלץ מיט חן.
ווערט ער פרומלאַך —
שרייבט ער דומלאַך:
„שאו ידיכם".

אויב פאַרשייטקייט —
שרייבט ער פרייקייט —
„שלום עליכם"...

ער זיפּט אָפּ אַ זמר'ל
יעדען טאָג.
אַ הויבל אַרויף,
אַ זעצל אַראָפּ.

אַ זאָגל אַ גלעט,
אַ זאָגל אַ שוב.
אַ קאָלומל אָפּ,
כמעט געווג.

צום סוף פון שטיק
איז דאָ אַ זאָג:
סטאַלין — קלוג,
סאָוועטען — גליק.

ב. צ. גאָלדבערג.

# חנא

(חנא דער באַוואוסטער)

חנא דער לאַנגער.

אַ פּלאַכטע,
אַ גרויסע שטיק יאַכטע
האָט זיך אָפּגעריסען פון דער ווייטער אייביגקייט
און שלעפּט אַ משא.
די משא הייסט חנא.

אזוי ווי אין חומש פון מעשה בראשית:

דער באַרג איז אַרוים אויפ'ן פעלד,
זיך אַוועקגעשטעלט.
אַ מתנה דער וועלט.

און איך — בין חנאַ!

חנא דער לאַנגער לעפּצעט:
איך לאָז מעך גאָין אין ארץ ישראל!
— מיינט איר חנא פאָרט מיט אַ שיף?
חנא דער לאַנגער קומט צום ים,
און טוט זיך אַ ציה — איז תל־אביב.

צוריק אַ ציה —
באַלד דאָ הי.

חנא פאַרבט נישט מיט אַ באַן.
וואָס פאַראַן —
עטליכע שפּאַן.

איז חנא דער לאַנגער אין חדר געגאַן?
וואָס טויג געגאַן —
נישט געקענט „אַראַן".
חנא דער לאַנגער פאַרקאַטשעט דעם קאָפּ
פאַרגלייזט די אויגען —
ווערט ער הימעל.
חנא דער לאַנגער שלעפּט די פּיס —
די שווער באַלאַדענע —
פון טיפע תהום'ען.
חנא דער לאַנגער הויבט די פּיס —
אַריינצושפּאַנען אין די רוימען.

אַ וועלט-מסיבה פון אידישע „פּני" —
באַטראַכטען די „אידען",
וואָס טוט מען מיט זיי?
אפשר נאָרד-פּאָל טיף אין שניי?
פּילייכט אויסטראַליע „ביינע-לעביי?"
באַווייזען זיך חנא'ס פּיס, די צוויי.
אַ לאַפּע אויפ'ן דאַך — חנא'ס אַ טיש.
אַ שפּאַר דורכ'ן קוימען אַ טיפען דעך:

דאָס — בין עך!

ח נ א !

עך — בין — ס׳פאָלק!

עך ברויך מאָן לאַנד פון „הודי ביז כיש״!

אַניש — איז ניש! . . .

— און די גאַנצע מסיבה ווערט צו נישט.

אַן אסיפה פון אידען:

וואָס איז אַ איד?

אויף ענגליש, אויף רוסיש,

אויף דייטש, צי עברית?

„שראַט אראָן״ חנא:

נאַטס אַך אַ טאָלק!

עך — בין — ס׳פאָלק!

אידיש!

חנא דער לאַנגער.

דאָס פאָלק האָט געבענקט
נאָך אַ „עוג מלך הבשון״.
אַ כוואַס, אַזאַ שליאַס, ווי אָדם הראשון.
צעפּראַדען דעם געמב,
און צעכראַסטען ס׳וואָרט
באַגלייך מיט׳ן גלות — ס׳אידישע לשון. —

האָט געגעמען ישראל, ס׳גאַנצע קהל
פון דער ליכטיקער אומה,
אינמיטען דער ראַד פון דער אידישער שטאָדט
אין אַ זוניגען טאָג,
און באַזעלט מיט נשמה — דעם אָדם חנא,
דעם פאָלק אַ מתנה.
האָט דאָס פאָלק מיטאַמאָל אין גרויסען כאָר
אַרויסגעשאָלט אַ קול:
לדור ודור
אונזער חנא!

חנא דער לאַנגער.

# דניאל טשאַרני

צו זיבען חדשים,
אין מאַמעס טראַכט —
דניאל וואַכט . . .

זאָגט אים דער מלאך:
קאָנסט נאָך שלאָפען
עטליכע וואָכען!

זאָגט אים דניאל:
איך קען ניט שלאָפען,
איבער די יאָכען.

פרעגט אים דער מלאך
וועלכע יאָכען?

ענטפערט דניאל:
פאַרשידענע זאַכען.

איך זע שוין דאָס לעבען
אינגאַנצען אָהן יום טוב,
דורכאויס אינדערוואָכען.
צעלאָמט, צעבראָכען.
אַ ליטוואַק.

גלעט אים דער מלאך:
וועסט האָבען דעם חן:
„כהא לחמא" . . .
וועסט קריגען דערפאַר
אַ זאַק מיט רחמא . . .

דיכטעט דניאל:

נישט קוקט וואָס מיין מזל
שווארצארני,
מיין נאָמען איז טשאַרני.

נישט קוקט וואָס מיין פנים
שחרני,
מיין נאָמען איז טשאַרני.

נישט קוקט וואָס מיין זמר
דברני,
מיין נאָמען איז טשאַרני.

מאָסקווע, ווין,
פּאַריז, בערלין.
געיאָגט פון דאָרט,
געטריבען אַהין.
אַצינד אין ניו יאָרק,
אַזוי ווי אויף באַרג.

געוועזן די „פּאַטשטש"
פון „אידיש לאַנד",
מיט ברידער גייסט
פון אַלערהאַנד.

ער רעדט פאר אַן עולם
מיט טענער פון וויינען . . .
זיין ליד איז אַ טענה . . .

טשאַרני פאַרטראַכט . . .
מיט אַן אויג,
אין דעם כרך פון באַדויער.
דאָס אויג איז גרויס
ווי אַ תהום.
דאָס צווייטע פאַרזשמורט —
צו באַגרייפען דעם טרויער . . .

דניאל טשאַרני.

# נ. כאַנין

(בילדונג דירעקטאָר פון אַרב. רינג)

אַ לעבעדיגער מאָנומענט
פון צאַרען-צייט.
„צאַר"-צייט.

זאָווערוכעס,
חושך-סטעפּעס.
גוף — אַ משא עפּעס —
שלעפּ עס . . .

זיין זינד — „בונד",
זיין שטראָף — סיביר.
וויסטען אין „אוראַל".
נעכט געשפּענסטע.

וויכער שמיכער ! שמיים אַ פּנים !
ווער דיך ווערהרען ?
שמיץ, נאַגאַיקעלע, די פינגער ! —
ווער דיך שטערען ?

זיבען יאָר —
צערייצטע וועלף.
פון ניינצען זעקס —
ביז ניינצען-צוועלף.

הענט און פּיס —
געפּענט אין קייטען !
יעדער גליד —
פאַרהאַלט דעם צווייטען ! . . .

שטורעם טאַנצט אַ בעזים-טאַנץ.
כאַנין גייט אַ קייטען-גאַנג.

— — — — — — —
— — — — — — —
— — — — — — —

וואָסער כאַנין ?
וואָסער גאַנג ?
אַ קאַטערזשניק
אין רינג און ראַנג . . .

איצטער פיל איך מיט
דעם אינדיוויד . . .
זאָגט כאַנין.

ער רויכערט א סיגאר —
מיט פיל באלוין.
מיט כבוד — א באלון.

ער „ארבייט" אין אפיס —
פארקאשערט די ארבעל,
אזוי ווי אמאל בא די „היטלען".

ער נעמט אויף באזוכער —
מיט וואג פון א פאטער.
באזארגזאם,
בארא‌טזאם,
טאטזאם . . .

ער לייגט ארויף פריינדלעך
זיין ארעם אויף יענעם,
און זאגט: — מיר'ן טאן
וואס מיר קענען . . .

זיינע ביכער, „בערעלע",
„סאוועט רוסלאנד" —
„א רייזע איבער דרום
און סענטראל אמעריקע",
זיינען וואוילגעפעלען
אונזער אידיש לאנד.

נ. כאנין.

# חיים ליבערמאַן

(שרייבער אין „פאָרווערטס")

אין די פאַרכטיגע יאָרען,
פון צער און פאַרלאָרען —
שטייט אויף אַ מוכיח,
מיט ביטערען צאָרען —

חיים הנביא.

אַ פרידליכער פנים,
זיין שרייבען — געשריי.

תנ"ך'יש.
קראַך'יש.

אויף וועמען זיין שכר —
פאַר יענעם די קרוין.
אויף וועמען זיין גזר —
פאַר'משפט — און שוין.

דעם נביא'ס משפטים —
אַזוי ווי אין הימעל.
ענטוועדער גיהנום,
אָדער גן־עדן.
ניטאָ עפעס אַנדערש,
אויסער די ביידען.

ער משפט שופטים.

„שדים אין מאָסקווע".
„ניגער, זשיטלאָווסקע" —
„די שטימע פון טאָל".

כזיוו השכינה —
די אידישע אומה.
וואָרפט ווער אַ שטויבעל —
יענער איז טמא.

חיים הנביא
שאָלט „בחצוצרות":

ישראל!
קער אָפּ דיינע אויגען
פון „צייטינגע" וויטען!
— — — — — — — —
דיין ווייטער פאַראוים —
איז פאַרצייטען! . . .
— — — — — — — —

— ער קלאַפּט אין די לאָדענס
פון פעלקער-געוויסען:
שטייט אויף צו סליחות!
— — — — — — — —
איך לאָז אייך צו וויסען;
דאָס אידישע פאָלק —
איז גאָט'ס שליחות! . . .

— ווי זעט אויס דער נביא?
— העכער פון נידער,
פולער פון מיטעל.

ווי האלט זיך דער נביא?
— כשר וישר,
פון טראט ביז'ן היטעל.

בשר-וחלב —
חלילה-וחס.
טרייסעלט לולב,
לערענט ש"ס.

דער נביא האט פארטיג,
„א פייערדיג פעקעל" —
איז ער דאך פריילעך!
גיט ער א חבר
א קניפעל אין בעקעל,
און שמייכעלט פאמעלעך . . .

חיים ליבערמאן.

## נ. ב. לינדער
(שרייבער אין „סאַגי")

פערזענליך אַ הויכער,
דער מאַנטעל אַ לאַנגער,
די פּאָלעס צענומען,
דער קאָלנער סטאַיאַנצע.
אַ קעפּקעלע טראָגט ער,
אַ לייבעלע האָט ער,
אַן איידעלער איז ער,
אומרו דאַכט ער,
שטייט ער און גייט ער.

אזוי ווי זיין שרייבען —
זויבער אויבער.

אַ לינדער פּאַסאַזשיר.

די וועלט אַ וואַקזאַל

ער וואַרט אויף אַ באַן
זאָל אים פירען און ברייננגען
צו טרוימען געמאָלטע,
גערען געוואָלטע,
די פויגעלעך שיינע —
צעפלויגען ביז איינע.

מיט דעם איז ער דאַ'היג,
מיט דעם איז ער דאָרטיג,
דער אייגענער וועזען —
אין ערגעץ ניט אָרטיג.

צומאָל אין גערייידעל
לאָזט ער צו וויסען:
איך וויל אגב אורחא
אייך לאָזען צו וויסען.
ער זאָגט „אגב אורחא"
נאָך איידער־וואָס־איידער.
אַזוי ווי אַ טירעל
וואָס פירט צו אַ חדר.

כמעט ווי זיין לעבען —
ס'דאַרף ערשט געבען.

אַ קאַפּעלע שפּאַסלעך,
מערער פּאַרדראַסלעך,
פאַראַן „פּאַרוואַסלעך"

אַ לויבל, אַ דרויבל —
היפּער איבער.

„כבוד־שמואוועד"
טרייבט ער אַ שמייכעל —
מוחל.

איך ווייס מיין דערגרערכעל
זאָגט ער אַ זאָגעל,
און ווייזט מיט אַ פינגער
דעם שפּיץ פון אַ נאָגעל.

אַ טעפּעלע קאַווע,
אַ זאַפראַן־קוכען —
פּראָוועט ער „דינער"...

פאַרשפּרייט אַ סערוועטל,
אַ צווייטס אויפ׳ן וועסטעל,
אַ דריטס צו באַנעצען.
טרוימט ער: טראַלאַ!

— — — — — — — —

לאַנד טרוימאַלאַ!

— — — — — — — —

זינג זינגאַלאַ!

— — — — — — — —

שיף! ליאַליאַליאַ!

— — — — — — — —

גרינגער קומען,

גרינגער זעגען,

אינגער גרינגער

ווי זיין נאָמען,

נ. ב. לינדער.

# דער לעבעדיגער

(שרייבער אין „מאָרגען־זשורנאַל״)

מיטעלמאָס־וואוקסיג,
פולער - געדאָפּטשעט,
שטילער - געקרעפּטיגט,
תוכ׳יג - געוואַכיגט,
מיהזאָם - געיאָכיגט,
ניט אָנשטעל, ניט אויסשטעל,
דער לעבעדיגער.

אַ בלאַט הומאָריסטיק — זיין נחת־מלוכה.
איינער אַליינער — אַ שרייבער־משפּחה.

אַמאָל לאָזט ער טרעפן אַ דיכטער אַ גליקל ;
באַצאָלט האָנאָראַרל — אַ זילבערן שטיקל.

דערהערט ער אַ לויבל, מיט אמת׳ן עיקר —
דערלאַנגט ער אַ שטורכע :
וואָס זענט איר, שיכור ?

אַ שריפטליכע עולה — שווער צו פאַרטראָגן.
ער גלייכט נישט מען בלאָפעלט,
ער מוז זיין וואָרט זאָגן.

אפילו די „תפלות״ — טוען אים „שטערען״.
מען מאַכט זיך צו גאַרנישט,
מען פליוכעט מיט טרערען,
און מען זעט נישט די גליקען
וואָס זאָלען באַשערען.

דער לעבעדיגער.

ער שמועסט מיט קאַלעגעז
פון שרייבערשע יאָכעז —
אַזוי ווי אַ באַל'באַסטע
צערעדט זיך פון קאָכעז.

ער טייטשט מיט די פויסטעז
אין גרויסען פאַרטרויען:
אַ טייל פון די שרייבער
פרעגלען שטרויען.

זיי טוען פאַרטשאַדען
מיט הייליגען טומעל,
און שטאָלצען מיט רויכען —
וואָס שטייגען צום הימעל.

איר ווילט זיי „באַפאַלען" —
פאַרשטעלען אייך גראַטעס,
איינער האָט נירען,
דער צווייטער — רומאַטעס.

איר „רייסט" אויף זיין מוזע —
באַקומט ער סקלעראָזע.
איר ווייזט אים אַ פעלער —
ער האָט שוין טראָמבאָזע.

מען דאַרף זיין אַ ניגער, פון זעלטזאַמען טראַכטען,
צי גאָר אַ מוקדוני, וואָס קעניגט אויף יאַכטען.

כאָטש ווער אברהם רייזען, מיט כישוף פון פליען,
און שרייב נאָר פון שרייבער, וואָס זיינען זשעניען.

רעזומע:

פעליעטאָן — ערשט קלאָסיג.
הומאָר — וויי־שפּאַסיג.
אַ וויץ — טיף־בייסיג.
קריטיק — אָפּט־רייסיג.
און דוקא ניט כעס׳יג.
געמיטלעך און פלייסיג.

דער לעבעדיגער.

# ליבוש לעהרער
(אידישער שרייבער)

א קניאז — ביים שבת —
„שלום עליכם פאָלק-אינסטיטוט".

די הויזען געפרעסט.
ער רעדט מיט א באַס.

דוקא דין —
און האלט זיך דיקער . . .
מער — דער עיקר.

זיינס א מלבוש — דאָבעל ברוסטער.

דאָבעל-ברוסטער
מאַכט א פנים
מער באַוואוסטער.

איין דיפּלאָמע מאכט נישט לוסטער.

דיפּלאָמע-דאָבעל :
קאַלעדזש קלאַרק
אין שטעטעל וואוסטער.

**לייבוש לעהרער פילט זיך יוסטער . . .**

**ער קנעט די פינגער**
**האַנט אין האַנט**
**מיט פיינעם גלוסטער.**

**אַ באַקאַנטען — פריידליך גריסט ער.**

**אַט-אַ הוסט ער.**
**נאָכ'ן הוסטעל —**
**אַט-אַ בלאָזט ער.**

**פאַר אַן עולם — שטאָלצער ביוסטער . . .**

**וואָס טויג אַ סך —**
**ער וויל אַ גוידער**
**פאַר אַ מוסטער . . .**

לעהרער באַלערענט
מיט וואַזשנע האַוואַיעס :

מערק — ווירדיג ! —
שרייט אוים לעהרער,
צו די הערער.

פסיכאָ־אַנאַליש
עקסרייען מיר מענשען,
און אַלערליי חיות.

„אַ קאַץ" — זאָגט לעהרער: —
ווען שפּרינגען אויפ'ן טיש,
ווען דאַרטען איז פיש.

„אָבער" — זאָגט לעהרער:
אויסלערנען די קאַץ,
זיך וואַשען צום עסען —
באין אופן נישט.

„זעהט איר" — זאָגט לעהרער: —
די קאַץ נאָכ'ן עסן,
באַלעקט זיך און פוצט זיך,
צי ווילט איר, צי נישט.

און נאָך לערענט לעהרער.
ער שרייבט אין די ביכער.

צום אָנהויב דערזעט איר אַ פּרוי —
מיטאַמאָל . . .

ווערט איר נתפעל:

אַ זעלטזאַם וועזען!

אַ צויבער־געשטאַלט!

אַ מלאך פון הימעל!

האָט איר אָבער התונה —
דערזעט איר די פרוי,
אינגאַנצען פאַדראַבנע:

זי רעדט אַ סך.

זי עסט אַ סך.

זי שלאָפט אַ סך.

זי כליפעט אַ סך.

„אַזוי" — ענדיגט לעהרער: —
לערען איך'אַ,
פסיכאָ־דיך'אַ,
פון בוך איך־אַ
פון קאָפ איך־אַ
פון דאַכט איך־אַ
פון טראַכט איך־אַ.

לייבוש לעהרער.

## א. לעיעלעס-גלאַנץ

(שרייבער אין „טאָג")

א שאַרפּער בליק,
מיט הויכען ברעם.
מיט גרויס פאַרנעם.

לידער, דראַמען, פּאָליטיק.

אַפּטער — זיין געמיט אין קריג.

פון די גרינדער פון „אין זיך",
און ווער עס לייענט —
איז אויסער־זיך.

לעיעלעס מאָטאָ:
פאַסט פאַר ווייבער —
„אינטואיציע" . . .
מאַן איז שכל,
מיט אַמביציע . . .
געפיל ? — א פּויסט,
און גאַרנישט מער.
אַן עפּען אויף —
איז גאָלע לער.
דאָס הארץ פון גאָט
איז אויפגערעגט.
און ווער רעגירט ?
— זיין אינטעלעקט . . .

אריין אין קאפע —
מיט כעס פון אחריות...
א זעץ זיך אוועק —
און ברויזט מיט האוואיעס:
א וועלט מיט חיות,
אהן מינדסטען באגריף!
א פנים די מענשהייט,
דורכאוים האטענטאטען!
קיין ברעקעלע זין-ליכט,
נאר שאטען און שאטען!
משיח מוז קומען,
און שוין פאזיטיוו!...

לעיעלעם האלט א רעפעראט.

— א פאטש אין טיש,
א ווארף דעם קאפ:
— עס איז א בלאף!
איך שלאג עס אפ!
— דאס פנים פלאמט
און גיסט מיט שווייס:
— דער אמת זיגט!
ער מוז! איך ווייס!

און איך באַשטיי,
און בלויז דאַרויף:
די וועלט — באַפֿרייט —
גייט אידיש אויף!

לעיעלעס ליד —
איז קלינגענדיג ניי.
„אינמיטען יאַנואַר —
האָט אַ ווײַ געטון מיט מאַי".

— „שלמה מולכו" — אויבענאָן —
לעיעלעס פּאָן.

א. לעיעלס-גלאַנץ.

## יוסף מאַרגאָשעס

(שרייבער אין „מאָרגען־זשורנאַל")

פראַנץ יאָזעפ'ס עפּאָכע.
היימלאַנד גאַליציע.
שטאָם־שטאַם לעמבערג.

זעהט אויס אַ גבר.
אַרענדאַר.
גענעראַל־בריגאַדיר.
פּעאָדאַל. פּאַטריאַרך.

איר קוקט אויף דער דיק — איז ער דיקער.
איר קוקט אויף דער הויך — איז ער העכער.

אַ באָרד איז אַ באָרד,
אַ פּנים איז אַ פּנים,
אויגען — קיין עין־הרע . . .
אַ איד ! . . .

אַ הויב מיט די אַקסלען,
אַ דרעה מיט'ן נאַקען,
ער געהט זיך ערשט צעפּירען,
ער וויל זיך ערשט צעשרייבען . . .

א באַפּאַנצערטער מיט פּענעז,
צעשטעלטע אין די רייהען,
און זיי שטאַרען פון די טאַשען
ווי שטאַכעטען אַרום אַ פּאַלאַץ . . .

פאַר יוסף מאַרגאָשעס —
נישטאַ קיין טראַפיק.
רויט — צי געל —
ער קיניגט פּאַרביי
מיט דער העלדישער באָרד,
און דערהויבענעם שטעל . . .

מאַשינען — מענשען —
אַלעס שטייט . . .

דרך־ארץ שטאָט!
— מאַרגאָשעס גייט! . . .

די טיר אַ צעפּראַל,
און ער פלאַטערט אריין,
מיט רעש און קוראַזש,
ווי אָנגעפּאַרען נאָ־שפּיץ . . .

ר' יוסף מאַרגאָשעס.

ער רעדט —
ווי סע קאָכען זיך טעפּ מיט געבראַטענס,

פאַנען מיט קרעפּלאַך,
בעקענס מיט כרעמזלעך,
געפּעס מיט געפּילעכץ,
און שיסלען מיט קוגלען . . .

מען גרייט שוין די טישען,
מען שטעלט שוין די שנאַפּסען,
מען מאַכט שוין לחיים,
מען קייעט שוין טאַרטען,
מען שפּרייט שוין די אָרעמס,
מען טאַנצט שוין אַ רעדעל,
די פּויק באַראַבאַנעט די אַלטע געשיכטע.
קאַרנעטעלע טענה'ט „באחרית הימים" . . .
סע קומען אַן בשורות —
מען ווייסט נישט פון וואַנעט . . .
אַ פרייד אויף ישראל . . .
דאָס גליק אָהן אַ ענדע.
אַ מעשה, אַ לעגענדע . . .
ר' יוסף מאַרגאָשעס.

יוסף מאַרגאָשעס.

## דר. ש. מאַרגאָשעס
(שרייבער אין „טאָג")

דאָקטאָר — פּרעסטיזש צו באַצוועקען.
מאַרגאָשעס — דרך־ארץ צו וועקען.
אַ שטעקען —
עס שאַדט ניט צו שרעקען.

אַ זוהן פון ר׳ יוסף מאַרגאָשעס.

ניט אַזוי דער שטאָק —
ווי עס גיט אים צו וואָג.
ניט אַזוי דער טראָג —
וואָס די האַנט — ווי אַ הוק.

אַ מענטש מיט מעלות.

אַן איסט־סײַדער איד —
מיט סמיכה אויף „ראַביי".
אַ שרייבער אין „טאָג" —
וואָס אידישט אויף ענגליש.

עלעגאַנטיש פּראַנטיש.

ניט אזוי די שיך —
ווי די הויכע אפצאסען.
ניט אזוי דער הוט —
ווי דער שפּיץ צום איבערראשען.

ישראל'ס א פארזארגער.

ער טופעט מיט די פיס —
ווען ער רעדט פאר'ן פאלק:
צעלאכעס די פיינט!
מיר האבען דערפאלג!

דערפאר א סיגאר.

ניט אזוי דער ציה —
ווי די פאזע פונ'ם בלאזען.
ניט אזוי די מיח —
ווי דאס בלאזען מיט די פאזען.

באקוועמליכקייט — פערזענליכקייט.

**דר. ש. מארגאשעס.**

**אן אנגלא־מאן —**
**פון גאליצאן,**
**פון איסט־בראדוואן.**
**האלט א רעדע —**
**שעקספיראן:**

**הא! טעל מי וואוירלד!**
**אי קאנט אנדערסטאן!**
**מאסט ווי פארעווער**
**טו בי דהי „מאראן!"**

**מאסט ווי פארעווער**
**טו בי דהי וואנגארד!**
**ענד יו, וויט יור פאניש**
**אן אם — דהי בליזארד!**

**הא גאד! יו רימעמבער!**
**דהי מיוזיק און טשעמבער!**
**„פראם האל דהי רעיסעס**
**דהי דזשו — יור בעסט מעמבער!...**

**דו — יו — רימעמבער?**
**אי — דו!**
**דו — יו?**

דר. ש. מארגאשעס.

# יעקב מאַרינאָוו
(רעדאַקטאָר פון „קונדס")

אַ בליק אויף אים —
באַנעמט מען באַלד:
וואָס מיר יונג,
וואָס מיר אַלט,
אַ שטאַרק געשטאַלט —
האַלט.

יעקב מאַרינאָוו
גיט אייך שלום —
בלייבט איר אָהן כוח
צו זאָגען גוד־באַי.

יעקב מאַרינאָוו —
אייזען.
עס געהט אַרום אַ פייער־קאַסע.

אַ הויכער איד,
אַ געוועזענער שמיד —
זינגט אַ ליד.

אַ קאָוואַלסקי הומאָריסט.

שרייבעריי — אַ קוזניע.

טיש — קאָוואַדלע.

זיין שרייב־געצייג —
אַ צוואַק, אַ דלאָטע.
„ראַבאָטע״.

דאַרפסטו אַ וויץ?
שמיר מיט סאַזשע.

אַ סאַטירע? —
הויב דעם האַמער.
זעץ!

ווילסט געלעכטער? —
ציה דעם בלאָזער.
ברודער! — „דוי״ . . .

פּראַצע! — שרייבער!
אַרבייט שווער.
טאַמער געהט נישט —
האַרעווע מער!

קוועטש אפצווייגנע —
לאז נישט אפ.

פלוך דעם שונא —
ביז ארא.

שמיד דאס אייזען —
ווען ס'איז הייס!

אידען ליידען —
גיב א טרייסט:

„מיר וועלען זיין!
מיר וועלען זיין!..."

„דער שמיד פון צייט — ער ווערט נישט מיד.
דער שמיד פון צייט — ער שמידט און שמידט.
פאר אונזער פאלק — די לאנגע טעג.
פאר אונז — צו אייביגקייט דער וועג.
מיר וועלען זיין!
מיר וועלען זיין!"

האמערט קלאפערט אן א סוף,
ליד נאך ליד און סטראף נאך סטראף.
און מונטערט אויף,

יעקב מארינאוו.

# ד"ר א. מוקדוני

(שרייבער אין „מאָרגען זשורנאַל")

איצטער גייט ער.

אויסגעפּוצט.
מיט אַ שטעקען.

אַ גאַנג — פון א גוט-באַזיצער.
אַ פאַמעשטשיק.
אַ פאַרזיכערטער פאַרמעגער.

סטאַטיש.
אַריסטאָקראַטיש.
ישוב-הדעת'דיג.

איצטער זיצט ער.

שטילערהייט גרויסאַרטיג.

איינגעהאַלטען רעש'יג.

זיין פּנים שווייגט מיט לשון:

דער האַר איז איצטער טהעטיג —
גאַרנישט טוענדיג,
רוענדיג.

ד"ר א. מוקדוני.

ער באַקווועמליכט איצטער.
ער געאַכפּערט איצטער.
ער באַשירעמט פאַר דעם ד"ר.
דרך־ארץ איצטער.

זעט זיין ליפּ די אונטערשטע —
אריבער ווייט דער אויבער׳שטער —
מיט אויגען אויפגעגרויסטעטע.
די ליפּ זעט אוים אַ פראַגע צייכען.
שטומערהייט — רייד.
ער דמיונט: היתכן!...

איצטער שרייבט ער.

דער ראש־הנשיא קריטיקער
פון אונזער היינטיגען סנהדרין.

ער מאָדערנעט אידיש —
מיט׳ן אַלטען לשון קודש.

ער זינגט אליין א שיר השירים —
איבער די משוררים.

ער שרייבט געזאַנגיג
איבער די דערציילער.

אַ פיבערשער בעל כתבן.

ער ברויזט מיט אונזער אידיש
ווי אַ וואַסערפאַל.

כמעט דער גאַנצער שאַץ — פון אים שוין אָפּגעשאַצט.

אַ גרויסער איד — אונערמיד.

אַריינגעאַייביקט זיך אין אונזער אידען-וועלט —
אַ פּעלז:
ד״ר א. מוקדוני.

## אברהם מילער

(סעקרעטאַר־טרעזשורער פון דזשאָינט באָארד
אַמאַלגאַמייטעד יוניאָן)

אַ בויער פון דער יוניאָן — אַזוי דערציילט מען.

זיך מפקיר פּאַר שניידער — אַזוי רעדט מען.

אַן אמת-אידישער טיפּ — אַזוי שרייבט מען . . .

ער זיצט אין זיין אָפיס און זעהט אוים דערשלאָגען, פאַרזאָרגט.

פרעגט מען אים:
וואָס האָט פּאַסירט?

— לאָזט ער זיך טראַכטען אַהין אין דער ווייט,
דעם בליק אויף אַ זייט,
און קערט זיך צוריק מיט אַ מורמעל:
ווי קען מען ניט זאָרגען?

דער צער פון ישראל,

און ווייזט אויפ׳ן האַרצען —
דאָרט פאַרבאָרגען.

דערקלערט זיך מילער:
ארץ ישראל — מיר זיכער נאָענט,
דאָרט דער שטאָלץ פון אונזער אומה.

אָבער לעמבערג, ביאַליסטאָק, א ווארשע,
לעבט מיט אונזער פאָלק׳ס נשמה.

שוין א ביישפיל,

ערשט געוועזן דאָ מיינס א לאַנדסמאַן,
א יאָר דרייסיג ניט געטראָפען,
באַלד דערקענט אים . . .

גלייך געשיקט אים צו דער ארבייט,
מיטגעגעבען א פאָר דאָלער,
ניט דער ערשטער, ניט דער לעצטער,
לאָמיר האָפען.

– ער נעמט זיך אַרום ביי דער ליידיגער באָרד
ווי א פלאַש מיט א קאָרק —
און פליסטערט ווייטער:

א מענש דאַרף לעבען מיט אידייען.

אַהן אידייען —
וואָס-זשע קען איִם דאָ דערפרייען?

ביי מיר דער עיקר תוך —
אַחוץ דעם רעמעל.
מיין שטעטעל הייסט דובעצקאָ,
נעבען פשעמעל . . .

— דערמאָנט די סביבה „פשעמעל״ —
וואַכט ער אויף,
אַזוי ווי פון אַ זיסען דרעמעל:

לויט די קניפּען אין די ריפּען,

מיט דעם ציען מיך אַן אויער,

וואָס דער רבי פלעגט מיך ציפּען

מיט אַ פּנים מיט אַ זויער —

וואָלט איך איצט געמעגט צו הייסען;
ר׳ אברהמ׳צע ראש-ישיבה,
און זיך ווייקען אין גמרות
מיט אַ לומדישער מסיבה.

## ש. ניגער

(שרייבער אין „טאָג")

ניגערס גאַנג איז לאַנגזאַם.
ווירדיג-וויגענדיג.
מיט אַ פּנים — ווי מען גייט צו אַ לויה.

זייער באַדאַכט.
באַוואַכט פון זיך אַליין.
ער איז זיך אַליין אַ שומר.
תמיד גרייט פאַר „טאַמער"...

אומעטום שטרויכעל —
היט זיך ניגער.

ער קומט צעווישען שרייבער — אַ פאַרזאָרגטער:
אַזוי זאָל איך זיצען.
אַ היסטאַריקער — אים דער נענטסטער.
קאַלטע „פּעטשאַ".
מען זעצט זיך נאָר אַנידער —
הייבט זיך אויף געשיכטע;
„אַמאָל" איז געווען די אידישע ליטעראַטור.

ניגער לאַכט ניט ווען ער וויל.
ער וויל שוין ניט.
אויב ער מוז שוין לאַכען — בויגט ער איין דעם קאָפּ,
פאַרשטעלט דאָס מויל, און קוועלט אַריין אין זשמעניע.
קיינער ווייסט ניט.
בלויז די פּלייצע האָצקעט.
פון ניגערס מעלות:
אַ פערזענליכקייט — ווייזט ניט קיין התפּעלות...

ניגער — אַן אײדעלער קאָלעגע.
אַ שטעכעלע אַ שרײַבער — ניט אָקעגען.
דאָס גאָדעלע פֿאַרבאָרגען,
מיט אַן אומשולד — װי אױף מאָרגען.

אַ רעדאַקטאָר פֿון זשורנאַלן, ענציקלאָפּעדן, פּרעמיאַדן,
פֿון אַלערלײ שריפֿטאַלען.
פֿאַרפֿאַלען.
גרײלאַך אים באַפֿאַלען:
איר מוזט אונז באַשטראַלען!

דורכױס באַשײדען.
איר רירט אים מיט אַ פֿראַזע —
פֿאַרשװײַגט ער אײך אױף יאָרען.
אָדער ער באַרעכענט —
און פֿאַרשרײַט אײך די יאָרען.

ש. ניגער — אַ שרײַבער מיט בטחון.
אַ סך מעצענאַטען פֿאַראַן אין זײַנע לוח'ן.
און ער טוט געפֿינען —
װאָס ער טוט זוכען...

ניגער שרײַבט בחשיבֿות עבֿרי.
העכסט גראַמאַטיש.
אַ מלײן יושר פֿאַר אידיש.
העברעאיש אױך.
היט אָפּ יאָרצײַטן.

מיט שרײַבער איז אַזױ:
װײַבאַלד זײַנס אַ חבֿר — די שיטה אַ מעלה.
װײַבאַלד „בלױז” אַ דיכטער — די שיטה אַ שאלה.

„פּאָעטישע פילאָזאָפיע"
הלילה וחס.
נאָר אויב זיינס אַ חב
„קדושה" וכדת...

אַ דיכטער וואָס מען לייענט נישט —
ליבט ער אַמבעסטן.
אַ דיכטער וואָס מען דאַרף נישט —
האַלט ער פאַרן גרעסטן.

אַן אויפּטו פון איינעם — פאַרזעט ער ביים צווייטען,
און דערמאָנט נישט דעם ערשטען.
אויב לייטע — אים ווייטע...
און דאַן טוט ער קנאַלען:
ווער דאַרף אָריגינאַלען? — „מיר" זוכען קאָרעלען.
און „דאָ" — זען מיר גאָרניט — וואָס זאָל אונז געפעלן.

אַנדערש שרייבט ניגער — ווען איינער צעזינגט זיך:
גאָטס שמאָראָגאַלען.
און דאַן טוט ער שאַלען:
איך זע אין די שורות
מיין לאַנדסמאַנס קאַנאַלען!
און רופט צו די לייענער: ווי שיין די קאָרעלען!
ווי ניי די אָריגינאַלען!

ניגער דאַווענט פאַרן עמוד אין דער אידישער ליטעראַטור
און מ'ווייסט ניט וואו ער האַלט.
מען זעט נאָר — ער שאָקעלט זיך.

ש. ניגער.

# דר. סאָלאָמאָן ניומאַן
(פּרעזידענט, דאָקטוירים פון ניו־יאָרק)

אַ רויטער פּוכקע פּנים,
שוואַרצע גרויסע אויגען ווי די פלוימען,
אַ ווייסע ברייטע באָרד —
אַ איד אַ סאַנטאַ־קלאָוז.

יעדע נאַכט איז ניי־יאָר.

ווינער אַפּשטאַם.

„דאָס ערינערט מיך . . .
עס וואָר געוועזן אין יאָר . . .
דאָקטאָר רעגימענט . . ."

פראַנץ יאָזעפ'ס „ברודער" . . .

ער באַגריסט אייך מיט אַ וואָרע —
ווי איר מאַכט אים גליקליך.
ער שאָקעלט זיך פון פרייד.

ער שפּרייט די הענט
און שאָקעלט זיך פון נחת
אייך אַרומצונעמען.

אנגעפאקט מיט פילאזאפען,
דיכטער, מאלער, קאמפאזיטארס.
ווי א קראם מיט אלטע קליידער —
מיט א סדר, אהן א סדר . . .

תנ״ך אויף אויסענווייניג.
גריכיש — אינעווייניג.

וועלט־קולטור — אן עקסקורשאן.
פון אלערליי שפראכען
ביז „אדם הראשון״ — ביי אים אין צימער.

גאלע חידוש.
פון רעמבראנדטן — ווייסט ער אידיש.

קאפע ראיאל —
איז זיין בית־מדרש.
די ספרים־שאפע — ער אליין . . .

דורות׳דיגע ריזען —
אין די קעשענעס
איינגעפאסט ווי „בענטשערלעך״ . . .

דאס פרומע תהילים׳ל — אין בוזים . . .

ער קוקט אריין אין „קאנט׳ן״
מיט א פרומער מינע —
אזוי ווי אין א תחינה.

ער בליקט אריבער זיינע ברילן —
אזוי ווי פון באהעלטעניש . . .

שפעטע נאכט א זומערע —
אין קאפע ראיאל.
ברייטער פענסטער אפענער —
א ווינטעלע־וואואל . . .

דרויסען שטייט א בוימעלע,
לויכט עס פון א שיין.
בויגט עס איין דאס קעפעלע,
און קוקט אהער אריין.

דא געווען א רעדעניש:
אידיש — שוין נימא.
יענע מענשען שוין אוועק —
דער עלטסטער איז נאך דא.

ווייסע טישען ליידיגע —
„ניומאן" אין א זייט.
זעהט ער אוים אין פוסטעניש —
א בשורה פון דער ווייט . . .

ער האלט צום אויג א ביכעלע:
פלאטא פילאזאף.
פרעהט אים דארט א שטיקעלע:
עס איז נאך ווייט צום סוף . . .

דר. סאלאמאן ניומאן.

# דוד סאָהן

(פאַרוואַלטער פון „ביאַליסטאָקער צענטער")

שלאַנק,

הויך,

רוהיג,

באַדיינקט,

גוט-מוט.

פּנים פולער, גאָמבע רונדע, אויגען גרויסע.
אויף זיין מראה—שוועבט אַ „ביאַליסטאָקער" תמימות.
קינד-בנעימות.
אָהן תרעימות.
מיט אַ חשיבות.
ערליך, ווי איר זעהט אים,
דוד סאָהן.

אַ פאַרטרויליכער פּערזאָן.—
פאַרוואַלטעט אַלטע, „מושב זקנים".

האַלאָה, וואָס מאַכט איר? ווענדט זיך סאָהן,
און רופט דעם גאַסט צום אויבענאָן.

קומט צו אים א יונגע פרוי מיט אוירינגלעך און אויגען בלוי,
און רעדט צו דוד סאָהן אזוי:

אפשר ווייסט איר פון א אידען,
פון א פיינעם, פון א שיינעם,
ער זאָל היטען מיר—מיין „יאָרצייט״,
מיט „לחיים״ איבער הונדערט צוואנציג יאָר . . .

זאָגט איר סאָהן באדאכט און קלאָר
מיט גאָלע גלויבען:
גייט פון אויבען, קלייבט אויס איינעם.
און ער ווייזט איר מיט די אויגען —
דאָרט פון אונזער „מושב זקנים״ . . .

דוד סאָהן.

קומט א חנוכה, א פורים —

פול די זאָל מיט רייך און אָרים,

וואקסט ער אויס אזוי ווי א טורעם

אויפ׳ן פעדעסטאל פון סענטער,

אדרעסירט ער: מיר — די — ביא-לים-טאָקער!

און זיי אַלעמען געבלענדט ער . . .

גענזאַמעלט געלט פון שטאָט צו שטאָט,
פון גאַס צו גאַס,
פון ראָג צו ראָג,
פון שטאָק צו שטאָק,
פאַר ברויט און נויט זיין ביאַליסטאָק.

ער שעצט אַ פריינט, ער וויל קולטור,
עס קומט אים פאַר —
אויב ניט ער — איז ווער?

דער ערשטער דאָ געבויט אַ לאַנדסמאַן-הויז!
דער ערשטער דאָ געגרינדעט אַ לאַנדסמאַן-שריפט!
רעדאַקטאָר פון דער „ביאַליסטאָקער שטימע" !

ער שרייבט און דרוקט שוין דרייסיג יאָר.
אַמאָל אַ ליד, אַ מאָל הומאָר,
אַמאָל אַ מעשה, אַן אַרטיקעל,
ווי עס שרייבט זיך, ניט פּאַרטיקעל.
מאַכט ער שפּאַס אַליין דאַריבער:
און איך נעם מיר גאַרנישט איבער.

דוד סאָהן.

## לואיס סיגאַל

(גענעראַל סעקרעטאַר פון אידיש־נאַציאָנאַלען אַרבעטער פאַרבאנד)

תמיד אויף דער וואַך.
באשלום אין דער גיך.
דאָס לעבען, אַ געיעג —
אָדער דו, אָדער איך.

דראַסטיג־עלאַסטיג,
האַסטיג.
אַ דרייעלע־גימנאַסטיג,
אַ שטייעלע־דינאַסטיג.

זיין שמייכעל — אַ זיפער . . .
אַ הין, און אַ הער.
אוועק די סעקונדע —
קיין סימן נישט מער.

אַ געוועזענער „קאָפּ" —
ביי די מאַכער פון „קעפּ".
איז ער שטענדיג האָפּ האָפּ —
מיט אַ פירערשען פעפּ.

ער מאכט זיך אין כעס,
פאנטאסטיש בייז.
ער זאגט — איך וויים.
ער שרייט — איך הייס!

פאראנען א סברא —
אמאל איז ער גוט.
נאר גיי זיי א נביא —
און פאק די מינוט.

ער האלט זיך אזוי —
ווי די מאסען געפעלט.
א מענש ביי דער מאכט —
באשטימט און באפעלט.

ער שטייט פאר אן עולם —
די הענט אויף די דיכען,
און רעדט פון דעם ארדען —
פארגלייך מיט משיח'ן.

ער שטרעקט אוים א פינגער,
און הילעכט — איך ווארען!
איך זאמעל א סומע —
א נים — איז מיין צארען!

פליען דאלארען —
ווי פויגלען פון נארען.
קאנפעטי —
פון שטארען . . .

— נאך א פארזאמלונג,
מיט סיגעל'ס א זאמלונג —
שטייען חברים
מיטליידיגע טאשען . . .

זיי טוען זיך סוד'ען
מיט גרוים איבעראשען :

סיגעל קאן קריגען
א שטעלע מיט מער . . .
ער קערט נישט פאר געלט —
עס ציהט אים אהער . . .

מיר האבען אן אוצר —
פאר בלויז „שיע פיע" . . .
דערפרייען זיך אלע —
מען כאפט א מציאה . . .

ווער האט „אנטוועהנט"
דעם חבר פון וויגעל ? —
סיגעל.

ווער האט צעעפענט
טויער און ריגעל ? —
סיגעל.

# ב. ריווקין
(שרייבער אין „טאג")

## דער בעל-מכשף.

ער רופט ארויס „נישט-גוטע" —
בא די נעמען.

ער שאפט א נייעם לוח —
מיט א רמז פון א רוח.

חתונה'ס — יום כפור.
„ונתנה תוקף" — איבערהיפער.

פון א הויכען לייטער —
שפרעכט ער אפ „גוט-אויגען".

פותר חלומ'ט —
מיט פארקנוילעטע געשפרוכען.

ער „קאטשעט" זיך אהן א היטעל.

נידעריג דיק. געהויבענער בליק.
צעשויבערטער קאפ.
אויפ'ן אקסעל — א שאל —
דער כשוף-מאכער גייט.

ער קויפט אַ נייעם אַנצוג —
דרייט ער אָפּ די קנעפּ.
ניט צוליב זיין גרעב —
ער האָט פיינט „קנעפּ" . . .

ער רייסט זיך קעגען שטורעם —
פלאַטערען די שלעפּ . . .
דערזעט זיך אים אַ זעאונג:
„משיח"שער באַלעב . . .

זיין דערלייזטער „שם המפורש" —
צרות . . .
האָט ער נישט קיין צרות —
איז צרות . . .

רעגט ער זיך אויף
וואָס ער האָט נישט קיין זאָרגען —
האָט ער שוין זאָרגען,
איז דאָ „שם המפורש" . . .

ער באַווייזט זיך אין קאַפע־הויז —
אַ פּאַרסאַפּעטער,
מיט שרעקליכע באַשלוסען.

ער בראַזגעט מיט צאָרען,
פאַרקראַמפּטער געשריי:
איך וועל זיי! . . .

ער לאָזט אַראָפּ אַ פּאַטש אין טיש --
אַזוי ווי „חרם״ . . .

ער פּאַרטיליגט זיינע שונאים —
מיט אַ ברום: מממ ! . . .

גיט מיר ברויט ! —

לאָזט פריי מיין גייסט! . . .

ריווקינ׳ס קול איז אונטערגרונטיג.
בונטיג.
שווער און קרעמפּיג.
טרעמפּיג.
מממ ! . . .

— אַ שרייבערשער אָלימפּיק ! . . .
מיט דער פּען — אַ קריץ, אַ בליץ,
ריווקין שאַפט מיט ברויזענדער קראַפט.

ב. ריווקין.

## יואל סלאָנים
(שרייבער אין „טאָג")

אויבערוועלט — אונטערוועלט —
אומעטום סלאָנים.
ער סוד'עט זיך מיט אַלעמען —
ווייסט ער נישט פון שונאים.

אַ גלייך דעם קראַוואַט,
אַ גלעטעלע גלאַט,
און סלאָנים — נאַש בראַט.

סלאָנים אַ טובה ? —
אַלעמאָל גרייט.
ער רעדט, ער רופט,
ער שרייבט, ער גייט.

ער שוויבעלט און ווימעלט,
אין קאָך פון געפּעכט.
מיט אָרים, מיט רייך,
מיט לינק און מיט רעכט.

ביינאַכט — אין פּאַלאַצען —
מיט שטאָטישע „פּני" . . .
ביי טאָג קלערט ער גראַמען
אויף איסט בראָדוויי . . .

ער טוט זיך פֿאַרטראַכטען,
מיט גרויסען פֿאַרמעסט —
ווי קוילעטש געפֿלאָכטען,
די הענט אויף דער ברעסט . . .

ער פֿליגעלט זיך אויף —
ווען מען רופֿט אים אַוועק.
ער האַפּט — ער וועט הערען —
אַ מעשה אַ שרעק . . .

סלאָנים׳ס זכורנות —
פֿון גרוים באַיִיט.
אַ פּיסטעל געלאָדען —
געטראָגען ביים זייט . . .

ער האָט ליב דערציילען
פֿון גרויליגע שטיק:
אַמאָל האָב איך איינעם
געוואָלט טאָן אַ פֿליק . . .
איז יענער אַוועק —
ווי אַ שטראָם דורך אַ רער . . .
שוין באַלד אַ יאָר פֿערציג —
ער ווייזט זיך ניט מער . . .

ער רופֿט דר. העלד׳ן,
און לייענט אים אַ „סטראָפֿע״:
איך טרוים פֿון אַ געטין —
ביי מיר אויף דער סאָפֿע . . .

איך הויב אָן צו לייענען
מיין ליד פון די לידער —
ווערט זי באַגייסטערט
און יאָמערט שוין ווידער.

פרעגט אים דער דאָקטאָר:
און וואָס מיט'ן קעניג? . . .
ענטפערט אים סלאָנים:
אַ באָם, אַ מאַשעניק . . .

זיין אָפּטער געזאַנג —
האָ! האָדסאָן ליבער!
איך זינג פון דיר —
און ווער אַלץ טריבער.

איך זינג פון ווינט —
וואָס וויינט אויף שיפּען.
איך וויין אויף זיך —
פון מיינע טיפּען . . .

איך שטורעם אויף
צו הויכע רוימען —
און פאַל אוועק
מיט בלויזע שוימען.

איך קוואַל און קוועל
מיט אַלע מעלות —
אַזוי ווי ים
מיט זיינע כוואַליעס.

נאָר דו ביזט האַדסאָן,
אייביג אינגער . . .
און איך דער קראַנקער —
דיין באַזינגער . . .

יואל סלאָנים.

## ווילִיאַם עדלין
(רעדאַקטאָר פון „טאָג״)

**ווילִיאַם שעקספּיר,**

ווילִיאַם נאַטאַנסאָן,

**ווילִיאַם טעל,**

ווילִיאַם גרין,

**און ווילִיאַם עדלין.**

**פון די חשוב׳ע ווילִיאַמס אונזער עדלין.**

זיינס אַן אייגענס —
אַן אָפּען בוך —
מיט ברייטע רעטאָנדען

**אַ יוגענט-פריינט — פון דזשעק לאָנדאָן.**

**דער ערשטער אין אידיש —**
„מוזיק-קריטיק״
**אין „מאָרגען-זשורנאַל״ מיט יאָרען צוריק.**

געשעצט פון פאָלק
אפילו דאָן —
ווען עדלין זייטיגט ~~פון~~ דערפאָלג.

ווילִיאַם עדלִין.

הויך געשטאַלטעט,
ברייט גְעהאַלטעט,
פיין פאַרוואַלטעט.

הדרת מאַן,
בכבוד איד,
בשלום מענש.

אַן אַפּערע פיגור.
די לאַ פּאַקעל,
סאַציאַלאַ,
די לאַ טראַכטאַ.

ער רעדט —
צעטיילט ער גליק אין זשמעניעס,
שטיקער בשירות,
פלאַדען,
ראַזשינקעס מיט מאַנדלען.

אַ וואָרט צו לינק,
אַ וואָרט צו רעכט,
עכט.

אַ דעמאָקראַט — ביז העכסטן גראַד,
ווי אונזער רוזוועלט —
אַקוראַט.

מענשליכאַל און אידישאַל.
וויליאַם עדלין רעדט פון פאָלק:
דאָס אידישע פאָלק —
אַ גרויס פאָלק,
אַ זיס פאָלק,
אַ מחיה'דיג פאָלק.

דער אידישער לייענער,
דער בעסטער לייענער,
דער גרעסטער לייענער,
דער פרייעסטער לייענער.

וואָס עדלין זאָגט, וואָס עדלין רעדט,
איז יושר'דיג און אויסגעגלעט,

מיט וואַשנעם ווענד,

מיט ביידע הענט,

און מיט אַקצענט,

דאָס הארץ פאַראויס און פראָמינענט,
און מיט דעם וועלטיגען ראַזמאַך —

איז אַך אַך אַך,
און אַך אַך אַך,
און אַך אַך אַך.
וויליאַם עדלין.

# יואל ענטין
(אידישער שרייבער)

יואל ענטין — פון עגיפטען . . .

א שטרענגער אפאסטאל —
פון די פיראמידען.
פון די „בית המקדש" אידען.
„בית ראשון" . . .

כהנים. מזבח.
ער — געברענגט דעם „קרבן מנחה" —
צו דער עדה.

יואל ענטין.

אים ארויסבאקומען —
פון אן אויסגעגראבענעם מוזעאום.

פרע־היסטאריש.

זיין שארבען — א מויער.
זיין אויער — א טויער.
זיין האנט גרייכט צום טויער —
אריבער'ן מויער . . .

זיין קאָפּ —
געדענקט שוין ניט דאָס יאָר,
ווען ער האָט אָנגעזעהן אַ האָר.

זיין פּנים — פאַרמעט.

ער האַלט זיך —
מיט׳ן כשוף פון „חרטומים״ . . .

אסקעט־אַטלעט.

האַרטנעקיג.
שטיין־עקיג.

ניט אַ אפשר,
ניט אַ וואַקעל.
יאָ ! — סך־הכל.

ער קנאַקט מיט דער „ריש״ —
ווי אין ווינט „עמוד אש״ . . .

ער רעדט דעקרעט.
ווי גאָטס שטאַפּעט.
אַראָפּגעהאַקט.
אַריינגעהאַקט :

די אידישע שול —
ווען זיין אלעמאל.
דאס אידישע קינד —
ווען זיין אהן א צאל.

דאס אידישע ווארט —
דער וועלט-געדאנק.
דאס אידישע ליד —
איז גאט'ס געזאנג.

דערפאר „סעמינאר" . . .

יואל ענטין.

# מאַקס פיין

(סעקרעטאַר פון „געווערקשאַפטען" אין יאָר 1927.
ער האָלט אַ רעדע פאַר ארץ ישראל.)

וואָס אַנבאַלאַנגט ארץ ישראל — בין איך אַ סאָציאַליסט.
און העלפען אַ איד אין ירושלים — וויל איך אומבאַדינגט.

מענשען זיינען בהמה'ס, או—מע—טום.
פוילען, אַרגענטינע, כינע, פּאַלעסטינע,
הונגעריג — מעקען זיי אין דער וועלט אַריין.
מממע!-מממע! הונגעריג! עסען! —
דאַרף מען זיי געבען!

איך האָב אַ טאָכטער, קען זי ניט קיין אידיש.
טאַקע אַבסאָלוטנע גאָרנישט.
אָבער אַ טאָכטער איז זי? —
דערצו נאָך אַן אייגענע! —
איז אָלרייט.
איך בין דאָך אַ איד, איז זי פּונקט אַזוי ווי איך —
אַפילו ווען זי שווייגט.

וואָס אַנבאַלאַנגט מאַרקסיזם? — קען איך אייך זאָגען,
בין איך הונדערט פּראָצענט:
ווען איך בין געווען אַ אינגעל —
האָב איך ליב געהאַט אַ שיקסע.
אַ אומעטיגע שיקסע, אָבער אַ געשמאַקע.
אָבער טאַקע גאָר אַ געשמאַקע שיקסע. —
בין איך שוין געוואָרען אינטערנאַציאָנאַל . . .

איז גיי באטראכט א מענש. —
אמאל איז ער טעמפ ווי א שטיין,
אמאל איז ער שארף ווי כריין.
א גוי האט מיך אמאל געשלאגען,
האט זיך מיר געדאכט, איך בין פון גלאז.
א געטראסקעטער —
עס האלט זיך קוים צוזאמען.
אפילו טראכטען פון אייזען — האב איך זיך געשראקען. —
טאמער פאלט פארנאנדער.

איך זאג עס אייך אנטקעגען קאמוניסטען.
איך מיין ניט די קאמוניסטען אין רוסלאנד. —
יענע האבען שוין אפגעטאן זייערס.
אבער הערט וואס איך וועל אייך זאגען;
ווען די טויטע קאמוניסטען וואלטען לעבעדיג געווארען —
וואלטען זיי שוין מער קיין רעוואלוציעס ניט געמאכט.

דערפאר זאג איך:
די היגע קאמוניסטען שרייען:
רעוואלוציע! רעוואלוציע!
שוין דער לעצטער קאמף! . . .

פרעג איך אייך:
די צוקונפטיגע דורות וועלען זיך באנוגענען
מיט אן אלטער רעוואלוציע?
יעדער דור וויל האבען זיין אייגענע רעוואלוציע! —
איז דאך אייביג צורות! —
האב איך א פארשלאג;
לאמיר סטאפען — איינמאל פאר אלעמאל. —

לאמיר מאכען א רעזאלושאן;
נא—מאר—רעוואלושאן! . . .

אז קיין גוטע רעוואלוציעס זיינען גאר ניטא!
נאר בייזע . . .

ווען מיר פרעגען א פרוי פון פאלק:
זאגט מיר, איך בעט אייך, מאמע פון קינדער,
איר—ווילט—גע'הרג'עט ווערען?
— איר ווילט ניט?
איך וויל אויך ניט.
קיינער וויל ניט.
אז ס'איז שלעכט פאר אייך, איז פאר מיר נאך ערגער . . .
טא פאר וועמען איז גוט רעוואלוציע?
שרייען זיי: רע—וואַ—לו—ציע! . . .
מסתמא מיינען זיי די גליקען פון נאך דער רעוואלוציע.
יעדער מיינט — ער וועט בלייבען צו דער סעודה . . .
אבער וואס איז דער פאקט?
אמת'ע קאמוניסטען — פאלען —
פאלשע קאמוניסטען דרייען זיך ארוים.
או—מע—טום— די זעלבע מעשה . . .
פרעג איך אייך: רעוואלוציע — פאר וועמען? . . .

דערפאר פארענדיג איך:
גיט געלט, וויפיל איר קענט, און מער ווי איר קענט.
איך גיב אויך.
העלפט די אידען אומעטום —
איבערהויפט אין ארץ ישראל.

מאקס פיין.

## דוד פינסקי

(שרייבער אין „מאָרגען זשורנאַל")

ניט אבי א מענש
און ניט אבי א שרייבער. —

מענש — „פועלי ציון".
שרייבער — „טויזענט ווייבער".

פרעזידענט —
פון „איד . . . פארבאנד".
אן ערען־אמט.

מען רעדט צו פינסקי'ן —
זאגט מען „אינען" . . .
אינען—זענען היינט באגינען.
אינען שיינען אויבען —
מיט'ן בליק זיי צו געפינען.

פינסקי —
„פרעזידענט קאלינין" . . .

דוד פינסקי ?
— וואס פאר א פראגע !
אוואדע !

מען זאגט נאך גראדע,
לאמיר זאגען :
דוד פינסקי,
ווי אשטייגער אין דער דיכטונג —
די פאעמע „איליאדע" . . .

אַ קלאַנג —
פון יענער זייט וואַנט.

מער נאָך פון נוצען —
שפּילט דאָ די ראָלע —
אַ זאָגענאַנט רייצען.

פּינסקי — פּאַניע.

פּשעפּראַשאַם!
פּאַניע פּינסקי!

אַ פּראַק —
פון געוועזענעם דור.

דער לעצטער סורטוק —
אין אונזער אידיש.

אַ קאָפּ געדיכטע האָר,
ווייס,
און ווייט פאַרקעמט
אַהינטער . . .

מיט אַ שטעקען.

אָן איידעלמאַן.

ער גיט אמאל א יונגענט-אויף —
אזוי ווי זשאר.

פון זיך אליין
אין אויוועז --
די דרימלענדיגע קוילען —
א צעשאר . . .

מיט טויזענט אויגען —
א צעשטאר . . .

א ראזמאך פונדאסניי.

וואויל-געשיקטע
בחור-בחוריי . . .

ליב-פארשיימעריי.

דוד פינסקי.

# שלום פערלמוטער

(הויפּט פאַרוואַלטער פון אידישע קאָמפּאָזיטאָרס
און דראַמאַטורגן)

אַ דיקער, אַ ברייטער, אַ פעטער, אַ הויכער,

דער קאָפּ אַ פאַרקעמטער,
געדיכט און געסטרעשטשעט
אַזוי ווי שפּאַגאַטען,
און סיווע ווי סטרונעס.

שלום פערלמוטער.

שלום על ישראל,
אויף אייך, און אייערע קינדער,
אַזוי רעדט ער.
טאָמער נישט פּינקטליך אַזוי ווי דאָ שרייבט זיך —
רעדט ער אין נוסח אזוי ווי דאָ מיינט זיך.

ער פאַרמאַגט אַ געמיט —
ווי מען ווינשט בּאַ „לחיים".
אַ מאַך צו די אויגען,
אַ קער מיטן פּנים:
גאָט זאָל אייך העלפען.

ער הייסט נאָכ'ן ריזשינערם עלצטען זיהן
„ר' שלום'וניע" . . .
די אוסיאַטינער חסידים אַמאָל אינ'ם „שטיבעל" —
מיט אים זיך געצאַצקעט.
געהאַלטען — „שלום'וניע" וועט אויסוואַקסען אַ פערל . . .
שלום פערלמוטער.

יעדער האָט אים אָפּגעהיט —
איצט — היט — ער . . .

שלום טראָגט אַן אנצוג—זעט ער אוים ווי ניי.
זיצט אויף אים אַ קאַפּעליוש ווי ערשט פון פרעסעריי.
שלום גייט אַ גאַנגעל —
ווי מען גייט אין פּליטקע וואַסער.
לייכטע טריטלאַך, ברייטלאַך,
גאַנץ צעשפּרייטלאַך,
און דער בנין פערלמוטער —
שווער באַגאַזשנע,
וואַזשנע,
וואַזשעט איבער.
ניט פאַרשפּריצען זיך
חלילה!

אַ מוזיי אין זיין הויז.
אַן אוצר פון אידיש — אין זיינע חדרים.
טויזענטער העפטען
מיט אַלע די פּיעסען,

פון אלע די לענדער,
פון אלע די שרייבער,
געציקעלט, געשלענגעלט,
געפערעלט, געדריינגעלט,

אין זייערע כתב יד׳ן . . .
מענדעלע, פרץ, גאלדפאדען, גארדין,
טינטען פון שרייבער פון הונדערטער יארען —
פאראייביגט געווארען . . .

שלום פערלמוטער.

דער פארזארגער פון אידישע קאמפאזוערם.
דער באזינגער פון קלאסישע חזנים.
דער באשרייבער פון די אלע דראמאטורגען.

א באזונדער שם געקראגען —
פאר באשרייבען יובילעאומס,
און דער עיקר — נעקראלאגען —

זיין הויז — א סאלאן — פאר אלע טעאטראלען.
שפילאלען, זינגאלען,
דרמאלען, וויצאלען . . .

יעדער האט אים אפגעהיט —
איצט — היט — ער.

שלום פערלמוטער.

# דניאל פּערסקי

(שרייבער אין „הדואר")

ער שלייעפּט אום,
און רעדט געשווינד,
עס בלאָנקט אַרום,
אָ עברי ווינט.
טרעפט ער זיך
מיט זיינס אָ איד —
זאָגט ער אים:
עס בליט עברית.

ער זאָגט אַריין,
ער זאָגט אַרויס.
אַבי געזאָגט,
צו שפּאַסען בלויז.
ער פאַרהילעכט
מיט דער שפּראַך —
וואָס סע דונערט
אין תנ"ך.

קומט אים אָן
אָ אידישיסט —
זאָגט ער אים:
איר רעדט אומזיסט.
ער הויבט די האַנט,
און שרייט „שאַלאָם"!
ער מיינט ניו-יאָרק —
איז „פּדן ארם" . . .

פרסקי כותב
ב„הדואר״
פעלעטאָנע
יפת תואר.

איש מבוקר
עד לערב —
רק לרוגזה,
רק לחרב.

הוא לא שואל:
למה באתי.
הוא יודע:
חיים-שטותי.

לא לדמיון,
לא לרעיון.
א מטבע —
מנהיג עין.

מה לשאלה?
מה לפותר?
שנים ירבו,
גלות יותר.

גם-אף ביאליק,
נשר גדול —
היה אדם,
אוהב שטרודעל.

דניאל פערסקי.

## יעקב פישמאַן

(שרייבער אין „מאָרגען־זשורנאַל")

הויך.
גלייך.
פּנים פול.
צעשטריים צומאָל.

איין־זאַם.

קאָלום — צווייזאַם.

כבוד — דרייזאַם.

אַלץ צוזאַמזאַם —

אַליין־זאַם.

אַ כוואַט־קאָנסערוואַט —
מיט אַן אייגענעם פּשט:
ניט אַלץ ווי מען וויל.
ניט אַלץ אַקוראַט.
בכלל ציוניסט,
„פאַרבאַנד" — פּריוואַט.

א ספּאָרט.
שטיצען אַ קאָלעגע —
זאָגט ער ניט אָפּ.
זיין גאַב אויפ׳ן אָרט.

ער „האַלט״ נישט קיין רעדע —
ער פירט אַ גערייידעל,
געשפּאַסעלט און איידעל.

ער האַלט זיך שטאָלץ —
מיט עפּעס אַ פּאַרדראָס.
עס שטעהט אים נישט אָן —
זיך צו פרעגען פאַרוואָס.

ער געהט געהיט —
מיט דריבנינקע טריט.
און דוקא שאַרף —
אַוואו מען דאַרף.

אין אַ זומער באַנאַכט —
אי: פישמאַן אַ פּראַכט.

ווייסע שיך,
אַ העלער סוט,
דער שניפּס פאַרקניפּט —
מיט בחור׳שען מוט.
דער הוט — קאַפּוט.

**אריין אין קאפע**

מיט לאווע־תאווה —

**ווארט שוין דארטען**

זיינס א חוה

**זאגט ער: קעלנער,**

קאלטע שטשאווע,

שמייכעלט „חוה" —
זשוואווע בראווע,

ליבער גאוה:

יעקב פישמאן —
עטיקעט־מאן,
אדעל־שטאטמאן,
איידעל פען־מאן,
פיינער טיש־מאן,

יעקב פישמאן.

## עחיאל פליישמאַן
(שרייבער אין „טאָג")

דער נאָמען „עוזיאל" —
קלינגט געל.
געווען טאַקע געל.
זיין גאַנצער כאַראַקטער —
געל העל.

אַ געשיקטס.
אַ באַקוועמס.

שמייכעלט איר — שמייכעלט ער.
לאַכט איר — לאַכט ער.
טרויערט איר — באַדויערט ער.

אַזוי זאָגט עוזיאל:

אַז מען קען זיך ניט העלפן —
וואָס קען מען זיך העלפן?

און באַלד שוין טרייסט ער:

נאָך נישט בײַ דער ערד —
צו פילען זיך געטראָפען.
ערשטענס, ווי זאָגט מען,
קען מען נאָך קעמפען.
צווייטענס, ווי זאָגט מען,
קען מען נאָך האָפען.

איך ווייס, זאָגט עוזיאל:

סע ווילט זיך אייך זאָגן
„עזריאל" . . .
אזוי די נאַטור שוין,
צו זאָגן עזריאל.
ווייל איך אייך זאָגן:
זאָגט נישט עזריאל!
מאַלע סע ווילט זיך!
— זאָגט עוזיאל!
אזוי איז מיין נאָמען:
עוזיאל פליישמאַן.

און באַלד לייגט ער צו
מיט אַ פינגער וואָס טייטשט:

צו זאָגן אַ נאָמען —
איז גוט אויף ריכטיג.
טאָמער נישט ריכטיג —
דאַרף מען נישט זאָגן.

דערציילט עוזיאל:

אמאָל מיט די „יונגע",
אין זאַמעלבוך „שריפטען" —
פּאַסירט אַ מעשה,
איך ווער אַ „סטאַר" . . .

געוועזן מיינס אַ לידעל,
פאַרשטעקט אין אַ ווינקעל . . .
ציטירט „בעל מחשבות״
דאָס לידעל אינגאַנצען,
און לויבט מיך דערפאַר.

(עוזיאל ווערט ערענסט: )

דער עולם קאָן מיינען —
איך וויל נישט לאַכען.
איך קען מער ניט שפּאַסען.
אַ סימן איך שרייב נישט —
אוועק מיין הומאָר.

דער אמת איז אָבער:

מיין אַרבעט אין „טאָג״
איז אויף „ערענסט״ צו שוויצען.
און מיך — שפּאַרען וויצען —
איך קען קוים זיצען.

אַזוי זאָגט עוזיאל,
וואָס רעדט פאָלקלאָר.
אַ מענש אָן אַנטיק,
פון אַ פריערען דור.

עוזיאל פליישמאַן.

## ש. ז. צוקערמאַן
(שרייבער אין „סאָג)

פון באַשיידען — איינגעבויגען.
פון באַנעמען — צער־פול אויגען.
ווער עס קלאָגט זיך, דאַרף מען גלויבען.

שטימע קלאַנגיג,
ווייך־באַסאָווע,
באַנגיג.

האָ, ענטשולדיגט,
האָ, פאַרגיט מיר,
און פאַרנויגט זיך.

אַזוי רעדט ער.
אַזוי איז ער.

טואיג.
נאָכאַנאַנדער טעטיג,

גיך און גיכער,
שטיל און שטילער,
גרינגער האַסטיג.
וויגעל־וועגעדיג געשיפט זיך.
ניט אַ שטויבעלע באַלעסטיג.
ניט אַ דרויבעלע באַלעסטיג.
אויף דער וואָר — אַ ליד פאַנטאַסטיג.

אַדעל־איידעל.

האָ, זייט מוחל מיר, מיין ליבער,
וואָס איז דאָ פון מיר צו שרייבן?
בין איך ווּיכטיג, איך זאָל בלייבן?

ניט איך האָב געשריבן לידער,
ניט אַפילו אַ נאָוועלע.
נייעס בלויז פון ערשטער קוועלע —
טייטש איך אוים מיט פאַרבען העלע.

און עס לויכטען זיינע אויגען,
מיט אַ טריבקייט ווייט דערהויבען.

ש. ז. צוקערמאַן.

## צביון (דר. ב. האָפמאַן)
(שרייבער אין „פאָרווערטס")

צביון זאָגט:
איך ווייס מיר איינס:
אויב ניט איך — איז קיינס.

אַ ליטווישער מענש.
זאָגט ער אייך ניין —
גיט ער אייך באַלד צו פאַרשטעהן,
פאַרוואָס ער זאָגט ניין.
כאָטש אייך איז שוין אַלצאיין . . .

צביון, רעדאַקטאָר פון „גערעכטיגקייט"
רעדט צו אַ שרייבער:

איר האָט די ווערט מער.
איך קאָן געבען מער.
איך מעג געבען מער.
און גיב איך ניט מער —
איז די עולה נאָך מער.

— און זאָגען אייך מער?
איך ווייס איר דאַרפט,
איך ווייס איר מוזט,
איך שטעל מיך פאַר.

פרעגט איר דאָך: נו?.
— זאָג איך אייך: נו.
און זיין פּנים גיט צו:
וואָס קען ווי דו? . . .

צי לאָזט נישט דער קאָפּ,
צי לאָזט נישט דאָס האַרץ,
דער עיקר דער פאַקט:
גיבען — לאָזט נישט.

און צביון זאָגט נאָך:
אַזוי איז דער מענש פון אייביג אָן.
עס העלפט נישט קיין בוך,
עס העלפט נישט קיין רייד,
— מיר דאַרפען עס לאָזען
אַזוי ווי סע גייט . . .

צביון זאָגט:
אונזערע עלטער-זיידעס,
— אברהם, יצחק, יעקב
נישט — מיינע — גענאָסען.
אַלע — דריי — ציוניסטען.

מיט אידיש איז אַזוי — זאָגט צביון:
ווי לאַנג איך בין דאָ —
וועט אידיש נאָך זיין.
און בין איך נישטאָ —
וואָס אַרט עס מיך ? . . .

מיט גאָט איז אַזוי — זאָגט צביון:
זאָל זיין שוין אַפילו גאָט איז דאָ,
און גאָט רעגירט,
און גאָט צעפירט,
און גאָט טוט אַלץ,
איז וואָס? . . .

נאָר איך בין נאָך יונג —
זאָגט צביון:
זיבעציג מיט „עפּעס" . . .
איך האָב נאָך „אַ רעכט"
צו וועלען לעבען . . .
— און איבער די וואָנצעס —
אַ צביונ'שער שמייכעל
קומט צו שוועבען . . .

צביון.

## אהרן קאַרלין
(רעדאַקטאָר פון דער „פעדער")

א פשוטער,
אן ערליכער,
א רונדער,
א מיטעלער,
א געפּאקטער,
איז קארלין דער רעדאקטאר.

אויף א גרינגען פערד און וועגעלע,
אריינגעפארן ראשעדיק,
מיט קלינגערלעך אין קעשעניע,
מיט „אידישע" פאנטאזיעס,
אין שרייבעריש'ן „פאליש".
און געווארן באלד סימבאליש
פאר דער אידישער געשיכטליכקייט.

ער גיט ארויס — א זאמעלשריפט
מיט הידוש און מיט פראכט —
„טרוימען און ווירקליכקייט"....
אין יאר נייַנצן אכט. (1908)

באלד נאך די „טרוימען" —
דער „אידישער גזלן"...

תיכף נאכ'ן „גזלן" —
„די ליטערארישע וועלט".
היינט — „גייט" זיין „פעדער"
א פערטל יארהונדערט.
מיט יעדער דערשיינונג —
דערשיינט ער פארוואונדערט.

אליין דער רעדאַקטער,
אַליין איר ענטדעקער.
פון חשובע שרייבער —
דער ערשטער ענטפּלעקער.

קאַרלין דער רעדאַקטער.

ביי גרויסע מייסטער —
אַ שטויבעלע פּאַקט ער.
אָן איבעריג פינטעלע —
באַלד דערטאַפּט ער.
פעלט וואו אַ קאָמערל —
באַלד דערשנאַפּט ער.
זיין גראָבע פּענע —
תיכף כאַפּט ער.
די לאַנגע אותיות —
קלעצער קלאַפּט ער.
פאַרריכט אַ זילבע —
גאַנצע קלאַפּטער.
גערא־טע־ווּעט!
אזוי אַ, האַפּט ער...
ענגליש — איבערזעצט ער,
אידיש — שרייבט ער,
„אַלטע" — לייענט ער,
„יונגע" — „העלפט" ער.

ער לויפט נישט נאָך כבוד,
ער זוכט ניט קיין לויב.

אים ארט נים אפילו
דער לעזער ווערט אויס,
אַבי נאָר דער שרייבער

איז קינסטלעריש גרויס.

אַ הבר ניט געזונט? —
קאַרלין איז דאָ.

פאַרען איז געפאַרען,
ברייננען איז געבראַכט,
מיט ליבשאַפט און מיט אַכט,

אהרן קאַרלין.

# יעקב קירשענבוים

## יאנקעלע — א אידיש גלעקעלע.

א יום טוב פארקאכט זיך
אריבער די אויגען,
מיט ראשינען גלויבען,
ווי פארע אויף שויבען.
זיין אייגענס א קעלעכעל —
שרייט עס אריבער
דערימער דאריבער
שטאפעט איבער אלע:
וואס פאר א שאלה!
חנה־סטריצי!
איצי־שפיצי!
פון גאליצי!
טוימצי־דאריצי!

יאנקעלע!

א מענש מיט א שטעל,
מיט א ברייט,
מיט א שטעקען,
א פיטער,
א פנים,

א מויל מיט א געמבע:
וואס רעדט איר,
וואס ווייסט איר,
וואס דא האט געטראפען?
עס איז נאך אזוינס
אויף דער וועלט נישט פארלאפען!

— ער טוט זיך א נעם,
און ער טוט דעקלאמירען,
פון שילער די גלאקע,
פון שעלי די קוואקע,
פון געטהע די זשליאקע,
שטוינט מען און גאפט מען,
ווי יענקעלע איז בקי . . .

— די אויגען א הויב —
ווי מען שרייט פון א בינע.
די האנט א צעשטרעק —
מיט א ריזיקער מינע.
דאס קול — נישט קיין קול —
סא פייער מיט פלאמען:
ישראל איז פעסט
מיט פארווארצעלטע שטאמען!

א רמב"ם, שפינאזע,
די אידישע קרוינען —
באזאלבען די וועלט,
מען זאל קאנען דא וואוינען!

וואָס רעדט איר,
וואָס ווייסט איר,
וואָס דאָ איז געוועזען!
טעאַטער בא אידען
געווען אַ גענעזען!

אַ אַדלער, אַ קעסלער,
אַ ליפּצין, אַ גאָרדין . . .
און היינט טהאָמאַשעווסקי!
און היינט מאָגולעסקאָ!

די לאָמפּען — שטורקאַצען!
די סצענעס — פּאַלאַצען!
אַ מלך, אַ מלכה —
מיט בלומען אין לאַצען!
באַדינער — פּאַיאַצען —
מיט פּויק און מיט טאַצען!
זיי צישען און צאַצען!
עס טאַנצען מאַטריצען —
געווים אפשר „דראַצען"!

ס'איז עפּעס צו שאַצען!

— און יענקעלע קראַכט
מיט אַ דונער צופרידען:
אַ קליינינקייט פּאָלק!
איר שפּילט זיך מיט אידען! . . .

יעקב קירשענבוים.

# הלל ראָגאָף

(שרייבער אין „פאָרווערטס")

אַלעמאָל אַביסעלע פאַרזאָרגט. —
אַ כמאַרעלע פון ווייט.
דער אומעט —
האַלט אים איידעלער.
אַזוי ווי אין אַ זייט . . .

ער ווייסט זיין וועג,
פון דאָרט אַהער.
אַזוי פיל אַ,
מען דאַרף נישט מער.

ניטאָ זיך וואָס צו איילען,
עס איז ניט ווערט דער יאָג.
דער וועג האָט ווייטע מיילען,
און אויסגעציילט דער טאָג.

איר רעדט צו אים —
טוט ער אויף די ברילען,
ער וויל אייך זעהן . . .
אויסגעהערט אייך —
טוט ער אָן די ברילען;
שוין געזעהן . . .

פינף בענד פון הלל ראגאף:
„די געשיכטע
פון פאראייניגטע שטאטען".
זאגט ער שטיל,
כמעט מיט וויי:
עס פעלט נאך צוויי,
ביז לעצטע דאטען . . .

ער דערמאנט אמאל בחשיבות,
פון זיין לערנען אין ישיבה'ס.

אלס א אינגעל — אין „עץ חיים".

און צו דרייצעהן — אים בארענט —

אין „ישיבה יצחק אלחנן" . . .

דריי תלמידים — ער בראשם —

אויפגעעפענט די ישיבה.

און צע'טויער'ט די גמרות —

און געלערענט מיט נגינה:

„תנן רבנן".

אידיש — נים קיין שטער.
פארוואס דאס האבען פיינט.
א טייל פון אונזער פאלק —
רעדט נאך אידיש היינט.

א באליבטער נאמען,
ביי די ראדיקאלען.
קלינגט אזוי ווי „הלל",
פון די אלטע קוואלען . . .

הלל ראגאף.

# רודאָלף ראָקער
(שרייבער אין „פרייע אַרבייטער שטימע")

אַ געבוירענער דייטש —

אַ רעדאַקטאָר אויף אידיש.

אַ מחבר פון ספרים,

און פירט זיך חסיד'יש.

פון אונזערע אידען,

אַמאָליגע אידען,

די באַרדיגע אידען,

די גרויסע אידען,

די שיינע אידען,

די פעטליכע אידען,

די זיידענע אידען,

רודאָלף ראָקער.

אַלעקסאַנדער בערקמאַן,
עמאַ גאָלדמאַן,
רודאָלף ראָקער.

עס האָבען זיך פאַרנומען,
די דריי מאַסקאַטירען —
די וועלט, מיט אַנאַרכאַ,
צו דער חופה פירען.

ראָקער ציטירט
פון רבין קראָפּאַטקין:
ביז גליקליכען מאָרגען —
איז אַלץ נאָך פאַרדאָרבען . . .

דאָס איך-טום איז ניכט-טום.
דאָס וועלט-טום איז געלט-טום.
דאָס העל-טום, דאָס זעל-טום,
איז קרום-טום, איז דום-טום.

און ראָקער רעדט ווייטער:

ווי זאָגט אונזער מלאך,
דער געטליכער שטירנֶער:
די מענשהייט — בהמה׳ם —
מיט דוצקענע הערנער . . .

— איר מוזט אָבער וויסען!
שרייט אוים רודאָלף ראָקער
באַרוישט מיטאַמאָל:
דאָס ליכט פאַר דער מענשהייט —
דער פרייהייט געדאַנק!
איז אונזער ישראל! . . .

זאָל בלייבען אויף תמיד
דער דייטש אַנאַרכיסט.
האַלעוואַי יעדער איד —
אַזאַ אידישיסט . . .

רודאָלף ראָקער.

# אברהם רייזען

(שרייבער אין „פאָרווערטס")

רייזען קומט אריין אין קאפע א צעשטרייטער.
די וואנצעס צעשויבערט, די אויגען צעראשטע,
די הענט אין דער הויך —
ווי א גרויסע טרעוואגע:
איר הערט, אידען, א זינד וואס מיר לעבען!

אומזיסט באזונגען מענשען,
אוועקגעגעבען מיין לעבען,
פרעג צו וואס.

געזען היינט אין צייטונג —
טויזנטער — געפאלען . . .
און די צייטונג — צעשפרייט עס נאך!
א שמחה אויף איר! . . .

און ער פרעגט שטילערהייט,
פארטרוילעך, סודות׳דיג:
זאגט מיר, איך בעט אייך,
די צייטונג זאל האבען צוגעשטעלט א נול?
און אפשר צוויי? . . .
אמאל קען זיך מאכען די גאנצע דריי! . . .

אויף צייטונגען איז אלץ צו גלויבען.
וואס זיי צעארבייטען נישט!

אַן אַנשיקעניש אויף דער וועלט.
אַלע צרות אויף דער וועלט — נעמען זיך פון זיי.
זיי לעכצען אַזוי נאָך שרעקלאַכע נייעס —
ביז סע פּאַסירט טאַקע אויף אַן אמת!

אַ שרייבער זאָגט צו רייזענען:
איר זענט זייער אַ גוטער מענש.
ווערט רייזען בייז:
איך בין אַ שלעכטער!
מאַנכעסמאָל אַפילו ברוטאַל.
איר ווילט מיר נישט גלויבען? —
פרעגט ביי לוצקי׳ן,
ער איז געניאַל . . .
קוקען די שרייבער אויף אים און שמייכלען . . .
טוט זיך רייזען אַ וויג און צעלאַכט זיך אויף אַ קול:
נו, אַז איר גלויבט נישט! אַזעלכע רשעים . . .

אברהם רייזען.
יעדען יום-טוב באַזינגט ער מיט אַ ליד.
— קומט ער אין קאַפע
צעשפּרייטען שטימונג פאַר׳ן אידישן יום-טוב.
איר הערט, אידען: אַ פאָלק איז אַ פאָלק.
מיר זיצען אין קאַפע, און מיר מיינען — כ׳ווייס! . . .
און רייזען פאַרקנייטשט דאָס פּנים —
אַקעגען דעם וואָס איר זאָגט: אַלט, ניי.

ניטאָ קיין ניי.
יעדער גוטע ליד — איז ניי.
דער עיקר — דער געמיט.
דערפאַר זאָג איך אַלעמאָל:
מ׳טאָר זיך נישט אָוועקרייסען פון פאָלק.
און ער לייענט זיי פאָר זיין יום-טוב׳דיג ליד
אין מאַנוסקריפּט.

רייזען הערט נישט ווען ער דאַרף נישט.
אָפילו ווען ער קוקט דעם רעדנער גלייך אין די אויגען.
אדרבא, זע, ווי איך הער נישט.
זאָג נאָר דאָס ריכטיגע וואָרט,
וועסטו באַלד דערזען, אַז איך הער.

שרייבער זיצען און רעדען,
און דעררעדען זיך — צום טרויעריגען סוף . . .
אַ מענש זאַמעלט איין אין פולע שייערען —
און זשאַליעוועט אַ זערנע.
פאַרלאָזט אים די נשמה,
און דער גוף — פאַרלאָזט אַלץ,
אַ סך-הכל פון אַ מענש . . . .
רייזען פילט זיך פאַרלוירען.
געפאַלען.
פאַרטראַכט מיט די אויגען ווייט-ווייט . . .
אָבער באַלד דערהויבט ער זיך
און צערעדט זיך זיכער, ווי אַ רבי.

רואיג,
מיסטיש:
איר מיינט די וועלט איז גלאַט אַזוי? —
טיפע סודות אין דער וועלט.

איך בין נישט רעליגיעז —
אָבער איך גלויב.
איר מיינט די געלערנטע ווייסען שוין אַלץ?
פרעגט זיי בחרם.
אמת'ע קינסטלער ווייסען מער.
און ער ווענדט זיך צו מיר:
לוצקי, וואָס זאָגט אייך אייער אינטואיציע?

און ער לערענט די שרייבער:
איר פאַרשטייט?
מיט יעדען אמת'ן קינסטלער איז גאָט.
די נאַטור וועט נישט נאַרען אַזוי פיל דורות . . .
גלאַט נעמען מענשען און ברענגען זיי צו גרונט? . . .
וואָס מיינט איר עפּעס, אַ שפּילעכעל!
כאַפּ-לאַפּ!
איך גלויב אין יושר . . .

און רייזען פאַרענדיגט מיט טיפע רמזים:
אידען! איר ווילט לעבען אייביג?
שרייבט הערליך . . .
און מיר רוימט ער איין
מיט אַ גלעט איבערן קאָפּ:
מירביידע — זיינען שוין באַזאָרגט.

אברהם רייזען.

# מאָריס שוואַרץ

דער „יצחק אלחנן"
פון שווישפּיל ישיבה.
שווארץ איז דער רבי.
בית־מדרש — די בינע.

דאָס פרומע געזיכט —
ארון־קודש מינע.

אין בליק שפּרינגט די שכינה,
אויף פּיסעלעך דינע.
און ציט־צו די ווייטען,
די וויכער־נגינה:
כי־כי! הי־הי־הי! ...

רעדט ער צום עולם:

איר הערט? ...
טעאַטער .. איר פאַרשטעהט? ...
אַט ...

און סאַמע צום אויספיר —
פאַרגלאָצט ער צו גאָט . . .
דאָס מויל אַ צעפּראַל,
מיט אַ קנאַק—ווי געבאָט.
מיט די אַקסעל אַ הויב,
אַ ראַזמאַך מיט דער האַנט:
דערווייל נאָך אַ סוד . . .

ער שטעלט אָן אַ פּנים
פון משה רבינו.
ער שטרעקט אויס אָן אָפענע האַנט,
ווי צו בענשען.
ער צילט מיט די אויגען
צו ענדלאָזע דאָרטענס.
באַפעהלט ער אַראָפּ
מיט אַ באַס פון „באַרג סיני”:

אידען!
נעמט אָן מיין תורה —
דעם אידישען קונסט טעאַטער!

איר זאַמעלט געלט
פאַר ארץ ישראל,
פאַר בית יתומים,
פאַר אידישע מלחמה-קרבנות, —
פאַרוואָס ניט זאַמלען
פאַר שווארצ'ס קונסט טעאַטער?

שוואַרץ אַנגאַזשירט אַ שוישפּילער,
האָלט ער אים אַ דרשה:
באַ מיר—ווערט איר געלערענט.
באַ מיר—מיינט באַערענט.
איר ווערט אַ מענש—מיט וויסען.
וואָס שייך „האָנאָראַר" —
לאָזט עס צו מיין געוויסען . . .
שוואַרץ—אַ ספּעקטאַקעל—הייליג.
כל-נדרי׳דיג . . .
פון אַמאָל. אַמאָל . . .
אַ סנהדרין—זיבעציג אין צאָל
מיט שוואַרצע זשיפּעצעס —
און ווייסע בערד.
מיט פינסטערע ליכט—
און פאַרכטיגע פלאַמען.
און אַלע די אידען—
ביי צעעפּענטע גמרות.
סוד׳ן זיך אויף ווייסע לאַנגע טישען
וועגן אַ — — — — — — — — —
רחמנא לצלן — — — — — — — — — —
אישה — — קאַלב — — — — — — — —
דיבוק — — שוואַלב — — — — — — — —
דער צדיק אויבענאָן—
גאַטעניו! — זאָלב! . . .
מאָרים שוואַרץ . . .

## זלמן שניאור

מאכט א ווארע אויפגעריכטער אידען און „העברעער !"

שר א מראה ! סאר א דיכטער זלמן שניאור !

ארויסגעפלויגען פון א הויכען קוימען

א פארשייטער

א צעשטרייטער

גבורה בורע.

א הויכער מאן מיט קורצען רעקעל.

לאנגע בארד מיט ענגע ארבעל.

שווארצע אויגען,

שיך געגלאנצטע,

הענט אין לופטען.

מויל אַ שייער.

פּען פלאַם פייער.

ער געשאָלטעט און געשטאַלטעט

און ער הוליעוועט מיט לשון —

ווי אַ מלך אין דער ביבעל

מיט די הויפליים דאָרט אין „שושן״.

ער צעפּאַליעוועט אַן ענין

מיט אַ גוזמא מיט אַ רעיון —

נאָר צו הערען אויף בילעטען,

נאָר צו כאַפּען ווי „שיריים״.

אַ דיקע שיקסע טראָגט פון רבי׳ן —

דאַרפט איר זען אַ גרויסע פּלאַש !

טאַנצט דער רבי בגילופין

מיט די חסידים אַ טשערדאַש.

אַ יונג מיט שפּאָרען—אָנגעטראָגען—שאָלט אָן האָרען.

נישט פון דאָרטען, נישט פון דאַנען.

אַזאַ איינער — נישט פון וואַנען.

אפשר פרייסען,

אפשר רייסען,

אפשר ליטע גאָר די דריטע,

אָדער דרעזדען אין אַ שמיטה,

זיבער שקלאַוו אין אונזער מיטע.

למנצח מזמור שניאור — גראַף-העברעער.

דיכטער שניאור — נביא יבוא.

הויך עטאַזשנע,

טענער וואַזשנע.

— — — — — — — —

זלמן שניאור — שמחת תורה!

— — — — — — — —

הויכע פאָנען, לאַנגע שטעקענס

רויטע עפּעלעך פון אויבען

— — — — — — — —

בלויע ליכטעלעך דערהויבען

— — — — — — — —

זלמן שניאור — יום טוב שלייער

— — — — — — — —

שלאַנקט פּאַראוים מיט שטאָלצען גלויבען

— — — — — — — —

און ער בליאסקעט דורך די שויבען

— — — — — — — —

און ער פלאַטערט די נגינה

— — — — — — — —

אָנאָ — אָ־דו־נו — הו־שי־ע — נאָ!

# עטליכע געשריבענע

# לידער

## „געשריבן" פֿון מחבר

[אָן אַדרעס אויפֿן נייעם בוך
וואָס גרייט זיך צום דרוק]

דער נס מיטן גרובל
דער איד מיטן פּודל
דאָס אידישע פֿאָלק
אַ פֿליג אין הערבסט
פֿור בלומען
אַ בוים אַ פֿאַרשוין
אַ קעצל דרומנט
צוועלף חכמים

# דער נס מיטן גרובל

געלעגן איז אַ גרובעלע,
אין לאָרגן אונגעגראָבן.
אַלע האָבן גראָזעלעך.
פֿאַרוואָס קען איך ניט האָבן.
דער זומער איז שוין אויך אַוועק,
ווי 13 מיינע יאָרן.
טאָג און נאַכט אין הולע שרעק,
13 וואָס בין איך געוואָרן.
אומעטום מיט גראָזעלעך,
אַ וויגעניש, אַ טומל.
ליג איך דאָ אין עלנטע,
איך שעם מיך פֿורן הומל.
מיטן גרובל דער עקרה —
האָט געטראָפֿן גאָר באַזונדער.
אַ ווירבל־ווינט, — אַ בורע —
האָט געלעגט איר רונד־אַרונדער.

געדרייט זיך אויפֿן גריבעלע,
געפּרווט זיך און געשריגן:
מיין גריבעלע! מיין ליבעלע!
מיין גרויסער <u>פֿאַרגעניגן</u>!
האָט איר צוגעשטאַרט אַ קערן,
און איר אָנגעזאָגט די בשׂורה:
עס איז אויפֿגעגאַנגען דיין שטערן!
דו ביסט מער <u>ניט</u> קיין עקרה!
—דאָס גריבעלע פֿון שטויבן,
מיט צעמישענדיגע אויגן,
האָט געהויבן זיך פֿון גלויבן;
מיטאַמאָל <u>אַלץ</u> דערהויבן,
און זאָל עס מיר דערבאַרעמען
אַ קינדעלע = אַ גרעצל.
און קומען וועט דער טאַטע זיינער
קושן אום און נעצל.

און פֿאַלן וועלן טויעלעך,
מײַן קינדעלע 13 שווינגען.
און קומען וועלן צופּטעלעך
מײַן קינדעלע באַגינען.
און ווערט דער הימל וואָלקענדיג,
אויסגעשפּרייט מיט שוואַרצן –
טוליעט מיר מײַן קינדעלע,
אײַנגעפּלאָנצט אין הערצן.

דער ווינט אַוועק אַמאָל מיד און מאַט,
און זי – געוואָרן רונדער.
און 13 דער צייט – האָט זי געהאַט –
אַ סאָסנע=בוים אַ וואונדער!

# דער ייִד מיטן פֿידל

אַמאָל האָט אַ ייִדל
געהייסן ייִדל,
האָט ייִדל דער ייִדל
געשפּילט אויף אַ פֿידל.
פֿידלט אַ לידלט
דאָס אָרעמע ייִדל,
וואָס ער אַליין ייִדל
באַצווינגט אין אַ לידל.
בעט אים זיין ווײַבעלע:
ליבינקער ייִדל,
פֿידל דיין לידל
מיט פֿאָדום און נודל.

מיר דאַרפֿן פּרנסה,
וואָס האָסטו פֿון לידל.
ווער מיר אַ שנײַדערל,
זײַ אַ גוט אידל.
לידלט דער אידל
מיט האַרץ אויפֿן פֿידל:
דאָס לעבן איז ביטער
און זיס איז דאָס לידל.
זאָגט אים זײַן ווײַבעלע:
נאַרישער אידל,
פֿידל דײַן לידל
די ערד מיט אַ רידל.

איך רעד צו דיר תּכלית,
באַרעכן זיך אודל.
אַ וווּנט און דער מדבר —
אַ אודל מיט אַ לידל.
פֿידלט דער אודל
זיין ליד אויפֿן פֿידל:
פֿון אַלע פּרנסות —
געפֿעלט מיר דאָס לידל.
זאָרגט זיין וויבעלע:
אודל, דו אודל!
דיין וויבעלע טענהט,
און דו, זינגסט אַ לידל!

ווינדלט און חווינדלט
דער ייד אויפֿן פֿידל:
איך קען מיר ניט העלפֿן —
מיין לעבן איז לידל.

אַלע וועט דאָס לידל
שיין בלוען פֿאַרלינגלט:
דאָס ווײַבעלע טענצט,
דאָס אידעלע לידלט.

פֿידלט און לידלט
דער ייד מיטן פֿידל.
און מערער סע אידלט —
אַלץ שענער דאָס לידל.

# צוועלף חכמים

צוועלף חכמים,
פֿאַרזאַמלט אין איין.
זיי פֿאָרן צוזאַמען,
די וועלט צו פֿאַרשטיין.
ווער איז די וועלט
וואָס אויף אייביק צו שטיין?
און ווער איז דער מענטש
וואָס פֿאַרדאַרבט זיך אַליין.
פֿון וואַנען דאָס קומען,
וואוהין דאָס פֿאַרגיין.
איז אַלץ מיט אַ שכל?
איז אַלץ מיט אַ מיין?
אַ סוד ווייסט די סודות,
פֿאַר זיך נאָר אַליין.
און דאָס איז דער סוד,
וואָס זיי ווילן פֿאַרשטיין.

באַרעכנט דער ערשטער:
ווי פֿיל געלעכטער,
און פֿיל געוויין.
די וועלט איז אַ חשבון,
וואָס פֿירט זיך אַליין.

וועגט אויף דער צווייטער:
דער סײַרווער פֿון לעבן
פֿאַרטוולט נישט אַלצאײן.
אַ לויטערע נחת,
אַ פֿונק מיט געוויין.

חלוקט דער דריטער:
אַ מענטש איז ניט מענטש,
אַ שטיין איז ניט שטיין.
די וועלט איז „אַ דאַכט זיך",
אַ דמיון אַליין.

קווינקלט דער פֿערטער:
מען קען ניט זיין זיכער
אין זיכערסטן מיין.
אַ הײַנטיקער יאָ,
קען מאָרגן זיין ניין.

פֿאַרזיכערט דער פֿינפֿטער:
אויב יאָ איז נישט יאָ,
און ניין איז נישט ניין,
איז גאָרנישט מיט גאָרנישט
דער גאַנצער פֿאַרשטיין.

גיט צו דער זעקסטער:
אָט ווילט זיך אַ יאָ,
צו באַווייזן דעם „ניין,"
באַווייזט זיך אַ ניין,
און פֿאַרשטעלט דאָס פֿאַרשטיין.

חנדעלט דער זיבעטער:
נישט וויסן אַליין
האָט דעם זיבעטן חן,
דעם וויפֿלטן חן
קאָן שוין האָבן פֿאַרשטיין?

חידושט דער אַכטער:
אַ מענטש מעסט דעם רויש,
מיט אַ סוחריש פֿאַרשטיין.
אויף וועלכע בלויז אין אויסשטעל
פֿון גרויס און פֿון קליין?

באַשולדיקט דער נײַנטער:
מיר וועלן פֿאַרטרײַבן
דאָס בייז פֿון לעבן.
דער דזשאַווער פֿון צאָרן
מוזט בלײַבן דאָס פֿאַרשטיין.

קלאָגט זיך דער צענטער:
ווי קום איך, אַ מענטש,
די וועלט צו פֿאַרשטיין,
אַז מיין אייגענער איך,
איז אַ סוד מיר אַליין.

ווענדט אָפּ דער עלפֿטער:
איך לייד שוין גענוג
וואָס איך קען ניט פֿאַרשטיין,
באַדאַרף איך פֿאַרשטיין
איך זאָל ליידן נאָך מיין?

פֿאַרלינגט דער צוועלפֿטער:
דער אמתער מיין,
איז דאָס לעבן אַליין.
ניט וועלן פֿאַרגיין,
איז דער קלאָרסטער פֿאַרשטיין.

# אַ קעצל דרימעלט

אַ קעצעלע דרימעלט,
קוקט איר פֿאָר:
אַ מײַזעלע שוועבט,
באַ אירע האָר!
מיינט איר אַוואַדע,
אַ חלום אויף וואָר?
זי עפֿעט אין אויגן,
אַ פֿליגעלע גאָר!

דאָס קעצעלע דרימעלט,
באַוויזט זיך אַ גרעזל,
ער רוקט זיך פּאַוואָליע,
און גראַבעט איר נאָז!
מיינט איר אַוואַדע,
אַ גראָז אויף אַ גרעזל?
זי עפֿענט אין אויגן,
אַ ווינטעלע בלאָזט!

דאָס קעצעלע דרומעלט,
דאַכט זיך איר „בו."
אַ קעצל אַזאַ
שוין לאַנג נישטאָ!
ווייט איר אַוואַוועק,
נישטאָ איז נישטאָ?
די עפּעס אין אויגן,
דאָס קעצעלע דאָ!

---

דאָס קעצעלע געניכט,
שלעפֿט זי זיך אויף.
גענוג מיט חלומות,
אין עק, אַ סוף.
מיינט איר אַוואַוועק,
אַ סוף איז אַ סוף?
די עפּעס אין אויגן,
פֿאַר אַלעס אין שלאָף!

---

# אַ בוים אַ פֿאַרשווין

אַ בוימעלע קליין,
אַ פֿינגער די גרויס,
דערזעט זיך אַליין
פֿון חושך אַרויס.

אַ בוים אַ פֿאַרשווין,
שוין אַלט אַ וואָך דרײַ,
ער שטייט אין זײַן וואוין,
און קוקט אויף דער פֿרײַ.

פֿון הימל די זון,
און זאַפּט פֿון דער ערד.
דער בוים איז פֿאַרטין,
ער הערט ווי ער ווערט...

# פֿיר בלומען

פֿיר — בלומען — אין פֿעלד —
שטייען אין ריידן.
יעדע דערציילט —
פֿון ווינטיקע פֿריידן.

אַ בוים בײַ דער זײַט —
זעט ער מען טענהט.
וואָס זאָל ער טאָן —
הערט ער זיך אײַנעט.

אַ הויך־שלאַנקע בלום —
טוט זי שטאָלצירן:
זיך — שלעפּט דער ווינט —
ער וויל מיר פֿאַרפֿירן.

אַ בלוט-רויטע בלום —
שמייכלט צו מינטער:
מיך — קושט דער ווינט —
פֿון קאָפּ ביז אַרונטער.

אַ קלאָר-ווייסע בלום —
רעדט צו גאַנץ אָפֿן:
מיך — וועקט דער ווינט —
ער וויל מיט מיר שלאָפֿן.

באַרויִקט זיך די רויז —
מערער פֿון אַלעם:
מיר — זאָגט דער ווינט —
ווײַל איך בין זיין כלה.

דער בוים הערט די רייד —
שטוינט ער מיט בלעטער:
ני ליב אַ ווינט —
אַך אַלעמען גלעט ער!

# אַ פֿליג אין הערבסט

דעם לעצטן טאָג אין אָסען,
האָט זיך אויסגעפּוקט אַ פֿליג.
ווען אַלע פֿליגן ליגן שוין —
איז אויפֿגעגאַנגען איר גליק.
אַ פֿליגעלע — אַ פֿליגעלע —
אַ ברעקעלע די גרויס.
חלילה בלויז אַ בלאָזעלע —
דאָס פֿליגעלע איז אויס.
זאָגט צו זיך דאָס פֿליגעלע,
וואָס זשע דאַרף איך טאָן?
זאָגט אין איר אַ שטימעלע,
גאָרנישט דאַרפֿסטו טאָן,
שטיי!

שטייט אויף דאָס פֿליגעלע,
און פֿלאַטערט מיט די פֿיסעלעך.
שלעפּט זי אין איר מוילעכל —
פֿון דער לופֿט די זיסעלעך.

זאָגט צו זיך דרײַ פֿליגעלע,
וואָס זשע דאַרף איך טאָן?
זאָגט אין איר אַ שטימעלע,
גאָרנישט דאַרפֿסטו טאָן.
גיי!

---

גייט אַוועק דרײַ פֿליגעלע,
און נישטערט מיטן נעזעלע.
עסט זי אויף אַ דרויבעלע —
געבליבן פֿון אַ קעזעלע.
זאָגט צו זיך דרײַ פֿליגעלע,
וואָס זשע דאַרף איך טאָן?
זאָגט אין איר אַ שטימעלע,
גאָרנישט דאַרפֿסטו טאָן.
פֿלי.

---

פֿליט אַוועק דרײַ פֿליגעלע —
דרייט זיך איר דאָס קעפּעלע.
פֿאַלט אַראָפּ דאָס פֿליגעלע —
ווי פֿון בוים אַן עפּעלע.

# דאָס ייִדישע פֿאָלק

ציוניסטן ווילן אַלע אידן,
קאָמוניסטן ווילן אַלע אידן,
סאָציאַליסטן ווילן אַלע אידן,
אַנאַרכיסטן ווילן אַלע אידן.

אַלע — ווילן אַלע אידן.
לעבט דאָס פֿאָלק:
פֿאַרוואַליע...

אַזוי ווי די וועלט — אַזוי בין איך,
לעבט דאָס פֿאָלק.
ווי אַזוי איז די וועלט? — אַזוי איז די וועלט.

אַבסאָלוטע ערד, אַבסאָלוטע וואַסער,
אַבסאָלוטע לופֿט, אַבסאָלוטע פֿייער,
דאָס רעשטע — לימוד.

אַזוי בין איך — לעבט דאָס פֿאָלק,
אַזוי ווי די וועלט.

אַ פֿלאַם ציוניזם,
אַ שטראַל קאָמוניזם,
אַ שפּריץ סאָציאַליזם,
זופּט אַנאַרכיזם.
דאָס רעשטע — לאַמד.

פֿון אַלע צובּיסעלעך — לייגט דאָס פֿאָלק.
אַזוי ווי די וועלט — אַזוי בין איך.

איך בין ווי וואַלט זיין אַ וועלט
פֿון גאַנצע פֿײַער, גאַנצע וואַסער,
גאַנצע שטויבן, גאַנצע זופּטן.

אַבּיסעלע אידיש, אַבּיסעלע העבּרעאיש,
אַבּיסעלע רעליגיע, אַבּיסעלע פֿרווע,
דאָס רעשטע — לאַמד.

דאָס אידישע פֿאָלק איז אַלט ווי די וועלט,
און קלוג ווי די וועלט.

# The Critics Say...

Mr. A. Lutzky is recognized as one of the greatest modern Yiddish Poet-Philosophers of the 20th Century.

He is highly praised by eminent critics and greatly beloved by the Jewish people throughout the world.

Mr. Lutzky is original in all his writings and unique in the way he presents his poetry for the greater masses in New York and all over the United States.

A. Lutzky is one of the greatest masters of the Jewish language, and is most jovial and characteristic.

This book "Portretten", written by A. Lutzky, is a collection of the Great and well-known Jewish intellectuals.

"Portretten" is the golden treasury of Jewish life, Jewish Idealogy, Jewish sufferings and Jewish hopes of our unusual 20th Century. This book offers a great and hopeful tomorrow for all the nations of the world and Jews as well. This book is for you — for your children — for your children's children — to remember and cherish — also to bring to mind the unusual generation in which we live.

